# לידער פון גלויבן

געזאַמלט און צונויפגעשטעלט

פון

דר. חיים איינשפרוך

פאַרלאַג „הַמֵליץ"

1503 איסט באַלטימאָר סטריט, באַלטימאָר 31, מד.

# HYMNS OF FAITH

*Edited and Arranged*

*by*

HENRY EINSPRUCH, D. D.

THE MEDIATOR

1503 E. Baltimore St., Baltimore 31, Md.

שִׁירוּ לַיָי שִׁיר חָדָשׁ,
שִׁירוּ לַיָי, כָּל־הָאָרֶץ!
שִׁירוּ לַיָי, בָּרְכוּ שְׁמוֹ,
בַּשְּׂרוּ מִיּוֹם־לְיוֹם יְשׁוּעָתוֹ.

תהלים צ״ו.

O sing unto the Lord a new song,
Sing unto the Lord, all the earth!
Sing unto the Lord, bless His name,
Proclaim His salvation from day to day.

Psalm 96.

# 1 אָ, בוקט אייך צו גאָט, זיין הערלעכער פּראַכט

1 אָ, בוקט אייך צו גאָט, זיין הערלעכער פּראַכט!
אָ, זינגט פון זיין גנאָד, זיין ליבשאַפט און מאַכט!
באַשיצער און שילד פון דער אייביקייט אָן,
אין ליב אָנגעגורט אויף דעם פּרעכטיקן טראָן.

2 דערציילט פון זיין מאַכט, און זינגט פון זיין גוטס,
זיין אָפּדאַך דער רוים, דאָס ליכט איז זיין שוץ!
זיין רייטוואָגן – וואָלקנס, ער דונערט געשווינד,
אין חשכות – זיין שטעג, אויף די פליגלען פון ווינט.

3 דיין פּילפּאַכע זאָרג, דערציילן ווער קאָן?
זי אָטעמט אין לופט, זי שיינט פון דיין טראָן,
זי שטראָמט פון די בערג, שטייגט אַראָפּ אין דעם פּליין,
אין טוי און אין רעגן געוואַשן און ריין.

4 אַך, קינדער פון שטויב, פאַרגענגלעך און שוואַך,
ביסט זיכערקייט אונז, אַנטרינונג און וואַך,
דיין רַחמים איז צערטלעך, און פעסט ווי דער היינט,
באַשעפער, באַשיצער, דערלייזער און פריינט!

# 1 O Worship the King, All Glorious Above



## 2 זינגט לויב דעם גואֵל

1 זינגט לויב דעם גואֵל, וואָס פאַר אים
זיך בוקט די הימל־שאַר;
און ברענגט אַהער די שענסטע קרוין
און קרוינט אים פאַר דעם האַר.

2 איר אויסדערוויילטע פון יִשׂרָאֵל,
באַפרייט ווערט איר פון צַער;
לויבט אים, וואָס לייזט אייך אויס מיט גנאָד,
און קרוינט אים פאַר דעם האַר.

3 און יעדער שטאַם, און יעדעס לאַנד,
דאָ אין דער וועלט פון צַער,
שענקט אים די גאַנצע הערלעכקייט,
און קרוינט אים פאַר דעם האַר.

4 אָ, לאָמיר פאַלן צו זיינע פיס
מיט יענער הימל־שאַר,
און זינגען אייביק אים אַ לויב,
אים קרוינען פאַר דעם האַר.

## 2 All Hail the Power of Jesus' Name



# 3 לויבט גאָט פון אַבֿרָהָם

1 לויבט גאָט פון אַבֿרָהָם,
וואָס הערשט דערהייכט מיט גנאָד,
ער איז פון ליבשאַפט אַלעמאָל
דער גרויסער גאָט;
הייבט אויף צו אים דאָס קול,
אויף וועמעס העכסטן וואָרט
מיר שטייען אויף פון דר'ערד צו זיין
לעם אים אָט דאָרט.

2 צו גאָט, וואָס הערשט דערהייכט,
זינגט, זינגט די הימלשאַר,
און „הייליק, הייליק, הייליק", רופט,
„אַלמעכט'קער האַר!
וואָס איז געווען און איז
און וועט אויך אייביק זײַן,
אייביקער פאָטער, גרויסער כ'בין,
מיר זענען דײַן."

3 און פאַר זיין אָנגעזיכט
שטיין אַלע פעלקער פריי,
באַוועלטיקט פון זיין גנאָד און ליכט,
און אייביק ניי!
לויבט אַבֿרָהָמס גאָט, און מײַן!—
כ'זינג מיט דער הימלשאַר,—
די גאַנצע מאַכט און פראַכט איז דײַן,
דו גאָט, מיין האַר.

# 3 The God of Abraham Praise



# 4 איך דאַרף דיך יעדע שָעה

1 איך דאַרף דיך יעדע שָעה,
גע‏לּיבּטער האַר;
ס׳קאָן קיינער היילן מיר,
ווי דו, מיין צַער.

כאָר: איך דאַרף דיך, אָ איך דאַרף דיך,
יעדע שָעה – איך דאַרף דיך;
אָ בענטש מיך איצט, מיין גוֹאֵל,
איך קום צו דיר.

2 איך דאַרף דיך יעדע שָעה,
זיי נאָנט לעם מיר;
נִסיוֹנות ווערן נישט
אין נאָנט פון דיר.

3 איך דאַרף דיך יעדע שָעה,
דיין וועג ווייז שטיל;
און די הַבטָחות דיין
אין מיר דערפיל.

4 איך דאַרף דיך יעדע שָעה,
אָ דו, מיין גנאָד;
נעם מיך אין בונד מיט דיר,
דו זון פון גאָט.

# 4 I Need Thee Every Hour



## 5 די טויערן פון צֶדֶק

תהלים קי"ח

1 די טויערן פון צֶדֶק, גאָט,
נעם עפן אויף פאַר מיר,
איך וועל אין זיי אַריין מיט לויב,
אָ האַר, מיין גאָט, צו דיר.

2 דאָס איז דער הֵיכל־טויער, דאָרט
געפינט דער צַדיק רו.
מיין גוֹאֵל, איך וויל לויבן דיך,
וואָס הערסט מיין תפילה צו.

3 דער שטיין, וואָס איז געווען פאַרמיאוסט,
איז איצט דער ווינקלשטיין.
גאָטס וועגן זענען וואונדערלעך,
ווער קאָן דען זיי פאַרשטיין?!

4 דאָס איז דער טאָג, וואָס האָסט געמאַכט,
מיר זינגען יובלענדיק.
שיק אונז אַצינד די בְרָכה, האַר,
און די ישועה שיק.

5 הוֹשַענָא, זאָל געבענטשט זיין דער,
וואָס קומט צו גיין מיט גאָט!
די בְרָכה פון גאָטס הויז אויף אייך,
אייך אַלע זיין געגאָד.

## 6 מיין גאָט, ווי וואונדערלעך דו ביסט

1 מיין גאָט, ווי וואונדערלעך דו ביסט!
ווי שיין – דיין אָנגעזיכט!
ווי פרעכטיק איז דיין רַחמים־שטול
אין טיף פון העלן ליכט!

2 איך וויל דיך ליב האָבן, מיין האַר,
ווי מעכטיק זאָלסט נישט זיין!
ווייל דו האָסט נאָך מיין ליבשאַפט זיך
גענייגט צום האַרצן מיין.

3 קיין פאָטער האָט נישט ליב ווי דו,
קיין מוטער – צאַרט און לינד –
פאַרגיט און ליידט, ווי דו אַליין
מיט מיר, דיין זינדיק קינד.

4 מיין גאָט, ווי וואונדערלעך דו ביסט,
דו פריינט אין לייד און פרייד!
אויף דיר פאַרטרויט זיך נאָר מיין האַרץ
ביז מענטש און וועלט פאַרגייט.

# 5 The Glorious Gates of Righteousness

PSALM 118







# 6 My God, How Wonderful Thou Art






# 7 רים, מיין זעל, דעם הימל־מֵלֶך

1 רים, מיין זעל, דעם הימל־מֵלֶך,
בּרענג צוּ זיינע פּיס דיין צאָל,
אויסגעהיילט, דערקוויקט און פֿרייליך
הייב איך אויף צוּ אים מיין קול.
הַלְלוּיָה, הַלְלוּיָה,
רים דעם מֵלֶך אַלע מאָל.

2 רים אים פֿאַר זיין גנאָד, דערבּאַרמען
צוּ די אָבות אין דער נויט,
גרינג אויף בּענטשן, שווער אויף צערנען,
ער, דערזעלבּער יעדע צייט.
הַלְלוּיָה, הַלְלוּיָה,
אין געטרייער הערלעכקייט.

3 פֿאָטערלעך ער פֿירט און לענט אונז,
שוואַך איז אונזער מענטשנהויז,
צערטלטך טראָגט ער אויף די הענט אונז,
לייזט פֿון אַלע פֿיינט אונז אויס.
הַלְלוּיָה, הַלְלוּיָה,
שטראָמט ווי זיין דערבּאַרמונג גרויס.

# Praise, My Soul, the King of Heaven



# 8 סאַראַ פריינט ס'איז אונז יֵשוּעַ

1 סאַראַ פריינט ס'איז אונז יֵשוּעַ,
טראָגט פאַר אונז די זינד און לייד;
סאַראַ זכות עס איז צו ברענגען
אַלץ צו גאָט אין אַ געבעט!
אָפט איז אונז געשטערט דער שָלום,
ס'קומען אָן אומזיסטע לייד,
ווייל מיר ברענגען נישט באַשטענדיק
אַלץ צו גאָט אין אַ געבעט.

2 קומען צָרות און נִסיוֹנות
אינדערפרי, צי אָוונט שפעט?
דאַרפסט נישט קיינמאָל זיין פאַרצווייפלט,
ברענג דעם האַר דאָס אין געבעט!
איז אַ פריינט אַזוי געטריי נאָך,
ער זאָל טיילן אונזער לייד?
ס'ווייסט יֵשוּעַ אונזער שוואַכקייט –
ברענג דעם האַר אַלץ אין געבעט.

3 ביסטו שוואַך און שווער באַלאָדן,
דריקן זאָרגן, דריקן לייד?
גוֹאֵל ליבער, אונזער אָפדאַך –
נעם צום האַר דאָס אין געבעט!
אויב דיך האָבן פריינט פאַרראָטן,
נעם צום האַר דאָס אין געבעט!
מיט זיין האַנט וועט ער דיך שיצן,
וועט דיך טרייסטן פרי און שפעט.

# 8 What a Friend We Have in Jesus



# 9 דער רום און ליב און כָבוד

1 דער רום און ליב און כָבוד
אָ, גואֵל, דיר אַליין,
דיר זינגען קליינע קינדער
הושַענָאס זיס און שיין.
דו מֶלֶך פון יִשׂרָאֵל,
דו דָוִדס זון, הער צו,
טוסט קומען אין גאָטס נאָמען,
געבענטשטער מֶלֶך דו.

2 די הערשאַר פון מלאָכים,
זיי לויבן דיך מיט דאַנק,
און מענטש און אַלע ברואים
ענטפערן מיט געזאַנג.
יהודהס עולֵי־רֶגל –
מיט פּאַלמען אין די הענט –
מיט ליב, געבעט און תּפילות
צו דיר אַליין געווענדט.

3 צו דיר, נאָך פאַר די לײַדן,
געווען איז זייער דאַנק,
צו דיר, איצט הויך דערהויבן,
איז אונזער לויבגעזאַנג.
האָסט זייער ליב פאַרנומען
אויך אונזער ליב נעם צו,
ס'איז איטלעך גוטס דיר ליב דאָך,
אָ, מֶלֶך חֶסֶד דו.

# 9 All Glory, Laud and Honor



## 10 אָ גאָט, געדענק ניט אונז'רע זינד

תהלים ע"ט

1 אָ גאָט, דו זאָלסט אונז ניט
געדענקען אונז'רע זינד,
מיר זענען זייער שָפֿל, זע,
אין חֶסֶד קום געשווינד.

2 אָ האַר, דו רעטער, העלף,
דיין רַחמים איז דאָך גרויס,
באַפריי אונז פון די זינד און מעק
די שווערע שאַנד אונז אויס.

3 פון דיין געפאַנגענעם
דערהער דעם קרעכץ אין נויט,
און אין דער גרויסקייט פון דיין מאַכט
זיי מַציל אונז פון טויט.

4 מיר וועלן צווישן קָהל
דערהייבן דיך מיט פרייד,
ס'וועט אונזער האַרץ פאַרקינדיקן
דיין גוטס פאַר אונז געגרייט.

## 11 אָ גאָט פון הימל, יַם און ערד

1 אָ גאָט פון הימל, יַם און ערד,
דער לויב און כָבוד דיר געהערט.
ווי קאָנען מיר דיין גוטס זיין ווערט? –
דו גיסט דאָך אַלץ!

2 דער גילד'נער שיין, די פרילינג־לופט
פון בלום און פרוכט – דער זיסער דופט,
זיי לויבן דיך, און אַלצדינג רופט:
דו גיסט דאָך אַלץ!

3 האָסט נישט געשוינט דיין איינציק קינד,
געבראַכט אַ קָרבן אים פאַר זינד,
און פריַי מיט דעם געבענטשטן קינד
גיסטו דאָך אַלץ!

4 מיר זענען אַלע דאָך פון דיר,
דאָס לעבן אונזערס, גאַנג און ריר.
גיב אייביק לעבן אונז ביי דיר, –
דו גיסט דאָך אַלץ!

# 10 Remember Not, O God

PSALM 79




# 11 O Lord of Heaven and Earth and Sea



# 12 לויב צו דעם האַר

1 לויב צו דעם האַר, דעם אַלמעכטיקן מֶלֶך־הַכָּבוד!
רים אים, מיין זעל, וואָרום ער איז דיין הילף און ישועה!
הייבט אויף די הענט
און צו זיין הֵיכל גענענט,
רימט אים מיט הייליקן כָּבוד.

2 לויב צו דעם האַר, ער טוט אַלץ אַזוי הערלעך רעגירן,
טוט זיינע אייג׳נע אויף פליגל אויף אָדלערשע פירן.
זעסט ווי סע ווערט,
ווי ער האָט אַלץ דיר באַשערט,
ער טוט דיין לעבן באַצירן.

3 לויב צו דעם האַר, וואָס באַהיט און באַגליקט דיינע וועגן,
זע ווי זיין גוטסקייט און רַחמים דיר קומען אַנטקעגן.
זע און באַטראַכט
ווי דער אַלמעכטיקער וואַכט,
היט דיך מיט ליב אויף די שטעגן.

4 לויב צו דעם האַר! זאָל מיין אינגעווייד רימען זיין נאָמען!
אַלץ, וואָס האָט אָטעם, קומט לויבט אים מיט אַברָהָמס זאָמען!
זאָל דאָס געזאַנג
אויפגיין מיט פרייד און מיט דאַנק,
זאָגט אַלע אָמֵן וְאָמֵן.

# 12 Praise to the Lord



## 13 מִשפּט מיך, אָ גאָט, מיין רעטער

תהלים מ״ג

1 מִשפּט מיך, אָ גאָט, מיין רעטער,
מיט מיין שׂונא קריג מיין קריג;
הער מיין שטילע, טיפע תּפילה,
וואָס איך בעט צו דיר און שיק.

כאָר: זאָג, וואָס בייגסטו זיך נשָמה?
זאָג, וואָס ברענגט דיר וויי און צַער?
האָף צו גאָט, ער וועט דיר העלפן,–
כ׳וועל נאָך לויבן גאָט מיין האַר.

2 ביסט מיין אָנלען, ביסט מיין שטאַרקייט,–
וואָס בין איך פאַרלאָזט פון דיר?
כ׳גיי אום הילפלאָז און פאַרעלנט,
ווען דער שׂונא דריקט אויף מיר.

3 זאָל דיין ליכט און זאָל דיין אֶמֶת
מיך באַגלייטן דורך דער וועלט,
ביז איך וועל דיין באַרג באַשטייגן
צו דעם הייליקן געצעלט.

4 כ׳וועל פאַר דיין מִזבֵּחַ קניען,
גאָט, מיין גאָט, מיין גרויסע פרייד!
כ׳וועל מיט האַרף און ליד דיר דינען,
לויבן דיך אין אייביקייט!

# 13 Judge Me, God of My Salvation

PSALM 43



# 14 פאַרקינדיקט דעם האַר, איר דינער פון גאָט

1 פאַרקינדיקט דעם האַר, איר דינער פון גאָט,
אונ זאָגט אָן זיין שֶם אויף איטלעכן טראָט,
דער שֶם פון יֵשוּעַן איז זיגרײַך און גרויס,
ער הערשט אין זיין מַלכות, וועלט־אײַן און וועלט־אויס.

2 גאָט הערשט אין דער הייך, ס׳איז מעכטיק זיין שוץ,
און דאָך איז ער נאָנט, מיר פילן זיין גוטס.
די גרויסע פאַרזאַמלונג, זי זינגט פון זיין מאַכט,
די הילף פון יֵשוּעַן, דעם מֶלֶך אין פּראַכט.

3 „די הילף געהערט גאָט, וואָס זיצט אויף זיין שטול!"
גיט כָּבוד דעם זון, די וועלט איז ער פול.
מלאָכים פאַרקינדן פון יֵשוּעַן דעם לויב,
און בוקן צום לאַם זיך מיטן פָּנים אין שטויב.

4 אָ לאָמיר אים איצט באַשײַנען אין פּראַכט,
ס׳איז זיינער דער רום, די חָכמה און מאַכט;
דער כָּבוד און בְּרָכה אין הימלישער ציר,
און דאַנק פאַר זיין ליבשאַפט, וואָס האָט נישט קיין שיר.

# 14 Ye Servants of God, Your Master Proclaim



## 15 אָ בענטש, מיין זעל, דעם האַר

תהלים ק״ג

1 אָ בענטש, מיין זעל, דעם האַר!
פאַרקינדיק זיין גענאָד!
און אַלץ אין מיר זינגט אויף און בענטשט
דעם הייל׳קן נאָמען גאָט.

2 אָ בענטש, מיין זעל, דעם האַר!
זיין גוטס איז אָן אַ שיר.
פאַרגעס ניט זיין דערבאַרעמקייט,
דער האַר איז גוט צו דיר.

3 ער גיט דיר לאַנגע יאָר,
איז מוחל דיינע זינד,
ער היילט דיר דיינע קראַנקהייטן
און היט דיך ווי אַ קינד.

4 זיין ליבשאַפט דיך באַקליידט,
ער לייזט פון טויט דיך אויס,
באַנייט דיך ווי דער אָדלער זיך
און מאַכט דיך שטאַרק און גרויס.

5 אָ בענטש, מיין זעל, דעם האַר,
ס׳מאַכט גאַנץ דיך זיין גענאָד,
זיין גוטסקייט קרוינט דיר דיינע טעג!
אָ בענטש דעם נאָמען גאָט!

## 16 אָ גאָט פון יַעקב

1 אָ גאָט פון יַעקב, האָסט דיין פאָלק
דאָך אַלע מאָל גענערט,
ווען האָסט די אָבות אונזערע
געפירט איבער דער ערד.

2 דורך יעדן שווערן לעבנסוועג
דו פיר אונז און באַלייט,
און גיב אונז אונזער טעגלעך ברויט,
און פאַר דעם לייַב אַ קלייד.

3 באַשירעם מיט דיין פליגל אונז,
ביז ס׳לאָזט דער וועג זיך אויס,
און אונזער זעל דערגרייכט די שוועל
פון אונזער פאָטערס הויז.

4 מיר טרויען אָן זיך אין דיין האַנט,
צו דיר נעם אונז אַריין,
צו דיר, דעם גאָט פון אונזער בונד,
ווייל אַלעס איז דאָך דיין.

# 15 O Bless the Lord, My Soul

PSALM 103




# 16 O God of Jacob, by Whose Hand



# 17 דאַנקט אַלע גאָט אַצינד

1 דאַנקט אַלע גאָט אַצינד
מיט האַרץ און אַלע גלידער,
וואָס ווייזט פיל וואונדער אונז
דאָ נאָכאַמאָל און ווידער;
ער האָט אונז אַלעמאָל –
פון קינדוויַיז אָן ביז איצט –
מיט ליבשאַפט רייך באַשענקט,
געהיט אונז און באַשיצט.

2 דער אייביק־רייכער גאָט
זאָל אונז ביי אונזער לעבן
אַ שטענדיק פריילעך האַרץ
און שטילן פרידן געבן;
זאָל שענקען אונז זיין גנאָד,
און פירן דורך זיין וועלט;
באַפרייען אונז פון נויט,
און ברענגען אין זיין געלט.

3 אַ דאַנק־געזאַנג צו גאָט,
דעם פאָטער – לאָמיר לויבן,
דעם זון, און דעם, וואָס הערשט
אין הימל הויך דאָרט אויבן;
דעם אייביק טרייען גאָט,
אין הימל און אויף דר׳ערד,
וואָס איז געווען, וועט זיין,
און איז פון אונז פאַרערט.

# 17 Now Thank We All Our God



# 18 קום, דו קוואַל פֿון יעדער בְרָכה

1 קום, דו קוואַל פֿון יעדער בְרָכה,
זאָל מיין האַרץ דיר זינגען לויב;
שטראָמען פֿון דיין רַחמים וועקן
דיך צו לויבן פֿון דעם שטויב;
לערן מיך פֿון דיינע לידער,
וואָס מלאָכים זינגען דאָרט,
ביז מיר וועלן גליקלעך קומען
צום געבענטשטן הימל־אָרט.

2 כ׳בוי מיר אויף מיין אֶבֶן־עֶזֶר,
האָסט פֿאַרהאָלפֿן און געשטיצט,
דו יֵשוּעַ, מיין דערלייִזער,
העלף מיר ווייטער, ווי ביז איצט.
ווען איך האָב פֿון הערט פֿאַרבלאָנדזשעט,
אומגעוואַנדערט, נישט גערוט,
האָסטו מיך פֿאַרהיט פֿון שטרויכלונג
געבנדיק פֿאַר מיר דיין בלוט.

3 איך וועל אייביק דיר זיין שולדיק,
דו פֿאַרבינדסט מיך טאָג נאָך טאָג;
נעם מיין האַרץ, ס׳זאָל דיר געהערן,
דיר אַליין צום לעצטן שלאָג;
שוואַך און אָרעם איז מיין האַרץ, גאָט,
דיך צו לאָזן איז עס גרייט;
נעם פֿאַרזיגל עס, דו האַר מיין,
פֿעסט צו דיר אין אייביקייט.

# 18 Come, Thou Fount of Every Blessing



# 19 האַר יֵשוּעַ, פּיר מיך דוּ

1 האַר יֵשוּעַ, פּיר מיך דוּ
דוּרך דעם לעבּנס־יַם צוּ רוּ;
ס׳דראָען כוואַליעס ווילד – אַ שרעק,
מיט געפאַר פוּן בּרעג צוּ בּרעג,
בּיסט מיין קאָמפּאַס און מיין רוּ,
האַר יֵשוּעַ, פּיר מיך דוּ.

2 ווי אַ מוּטער שטילט איר קינד –
קענסטוּ שטילן יַם און ווינט;
ווען דיין שטאַרקער אָרעם וויל –
ווערן ווינט און כוואַליעס שטיל.
ווען בּיסט נאָענט – האָבּ איך רוּ,
האַר יֵשוּעַ, פּיר מיך דוּ.

3 ווען כ׳קוּם ענדלעך אָן צוּם בּרעג
פוּן דעם שטוּרעם־ווילדן וועג,
דעמאָלט, טרייער העלפער דוּ,
ווען איך זוּך בּיי דיר מיין רוּ, –
לאָמיך הערן זאָגן דיך:
פאָרכט דיך נישט, מיט דיר בּין איך.

19

# Jesus, Saviour, Pilot Me



# 20 בענטשונג און כָּבוד און שטאַרקייט און מאַכט

1 בענטשונג און כָּבוד און שטאַרקייט און מאַכט,
חָכמה און רייכקייט, און אייביקע פראַכט,
דיר נאָר געהערן, ווייל דיין איז דער קריג,
דיין די מלוכה, די קרוין און דער זיג.

2 ס'ליכט פון דער פראַכט איז מיט דיר נאָר אַליין,
ליכט פון דער פראַכט, וואָס קאָן קיינמאָל פאַרגיין,
ליכט אין זיין שטילקייט און שיינקייט און פרייד,
ליכט אין זיין העלקייט, וואָס ברייט זיך און שפּרייט.

3 אייביק שטייגט אויף אונזער פרייד, אונזער ליד,
אייביק שטייגט נידער דיין ליבשאַפט, דיין פריד,
בענטשונג און כָּבוד, די פראַכט און די לויב,
דאָס איז דאָס ליד, וואָס אַיעדער דערהויבט.

4 לעבן פון לעבנס, וואָר ליכט פון די ליכט,
שטערן פון מאָרגן, פאַרהויל ניט ס'געזיכט,
לאַם, וואָס דו ביסט פאַר אַ קָרבן געבראַכט,
אויפצושטיין ווידער צו הערשן אין פראַכט.

# 20 Blessing and Honor and Glory and Power



## 21 מייד נישט אויס מיך, גוֹאֵלֿ מיינער

1 מייד נישט אויס מיך, גוֹאֵלֿ מיינער,
הער מיין טיף געשריי;
ווען דו גייסט אין וועג צו אַנד׳רע–
גיי מיך נישט פֿאַרביי.

כאָר: גוֹאֵלֿ, גוֹאֵלֿ, הער מיין טיף געשריי,
ווען דו גייסט אין וועג צו אַנד׳רע–
גיי מיך נישט פֿאַרביי.

2 לֿאָמיך זיסע הילֿף געפֿינען
ביי דעם טראָן פֿון גנאָד;
זוכנדיק אין שווערן קומער
טיפֿן גלֿויבן, גאָט.

3 טרויענדיק אין דיינע זכיות,
ווייז מיר דיין געזיכט;
היילֿ מיין גייַסט, מיין וואונד־צעבראָכ׳נעם,
היילֿ מיך מיט דיין לֿיכט.

4 קוואַלֿ פֿון יעדער טרייסט מיין, דו ביסט
מער ווי ס׳לֿעבן מיר.
וועמען האָב איך אויף דער וועלֿט דען
אויסער, אויסער דיר?

# 21 Pass Me Not, O Gentle Saviour



## 22 פּעלז פון דורות, שפּאַלט זיך, שפּאַלט

1 פּעלז פון דורות, שפּאַלט זיך, שפּאַלט,
און אין דיר מיך נעם באַהאַלט;
לאָז דאָס וואַסער און דאָס בלוט,
פון דיין אָפּ'נער זייט די פלוט
היילן מיך פון יעדער זינד,
ריין מיך מאַכן ווי אַ קינד.

2 נישט מיין מי פון האַנט, אָ גאָט,
קאָן דערפילן דיין געבאָט;
כ'זאָל אַפילו אַלעמאָל
בעטן, וויינען אויפן קול—
וועל איך נישט זיין ריין פון זינד;
דו אַליין מאַך ריין דיין קינד.

3 כ'קום מיט גאָרנישט פאַר דיין טראָן,
בלויז אָן צלב האַלט איך מיך אָן;
נאַקעט בין איך,—נעם באַקליידט,
און מיר גיב אויך רו און פרייד;
כ'יאָג צום קוואַל פאַרשמירט אין זינד,
וואַש, אָ גואל, ריין דיין קינד.

4 כּל־זמן ס'לעבט אין מיר מיין זעל,
און מיין אויג איז אָפן העל,
איידער ס'ווערט מיין לעבן פול,
און כ'קום פאַר דיין ריכטער־שטול,—
פּעלז פון דורות, שפּאַלט זיך, שפּאַלט,
און אין דיר מיך נעם באַהאַלט.

# Rock of Ages, Cleft for Me










3 Nothing in my hand I bring,
Simply to Thy cross I cling;
Naked, come to Thee for dress,
Helpless, look to Thee for grace;
Foul, I to the fountain fly,
Wash me, Saviour, or I die.

4 While I draw this fleeting breath,
When my eyelids close in death,
When I soar to worlds unknown,
See Thee on Thy judgment-throne,
Rock of Ages, cleft for me,
Let me hide myself in Thee.

# 23 אָ זיסע שָׁעה פֿון תּפֿילה טאָן

1 אָ זיסע שָׁעה פֿון תּפֿילה טאָן!
אַ פֿרילינג־פֿרייד מײַן האַרץ נעמט אָן,
ווען איך גיס אויס מײַן נויט און צער
אין אַ געבעט, פֿאַר גאָט, דעם האַר.
און נאָך אַ טאָג פֿון שווערער מי –
געפֿין איך אָפּט דאָרט זיסע רו,
און רעטונג פֿון דעם שׂונאס קאָן,
אָ זיסע שָׁעה פֿון תּפֿילה טאָן!

2 אָ זיסע שָׁעה פֿון תּפֿילה טאָן!
מײַן האַרץ דערהייבט זיך צו דײַן טראָן,
און דרינגט אַרײַן אין הייליקטום,
גאָט בעטנדיק באַגלייבט און פֿרום;
און רוט דאָרט אין זײַן אָנגעזיכט,
באַלויכטן פֿון דײַן וואָרט און ליכט;
ס'איז יעדע זאָרג דאַן אָפּגעטאָן –
אָ זיסע שָׁעה פֿון תּפֿילה טאָן!

3 אָ זיסע שָׁעה פֿון תּפֿילה טאָן!
כ'וועל גיין אונטער דײַן הייל'קער פֿאָן,
ביז כ'וועל פֿון פּסגָהס הייך דערזען
דאָס לאַנד, וואָס איז מײַן היים געווען;
איך טו מײַן וואַנדערקלייד דאַן אויס,
און קער מיך אום צום פֿאָטערהויז.
דערהער מיך, גאָט, וואָס כ'בעט און מאָן –
אָ זיסע שָׁעה פֿון תּפֿילה טאָן!

# Sweet Hour of Prayer



# 24 גואֵל, דו שיינער

1 גואֵל, דו שיינער!
האַר פון באַשאַפונג!
זון פון גאָט און מענטשן־זון!
דיך וויל איך ליבן,
דיר וויל איך דינען,
ליכט פון מיין זעל, מיין פרייד, מיין קרוין.

2 שיין זענען פעלדער,
שיין זענען וועלדער,
ווען דער פרילינג גרינט און בליט;
גואֵל, ביסט שענער,
גואֵל, ביסט ריינער,
דו הייליסט דאָס טרויעריקסטע געמיט.

3 שיין איז דער זונשיין,
שיין — די לבָנה,
ליכטיק גלאַנצט דער שטערנשיין;
גואֵל, ביסט ריינער,
גואֵל, ביסט שענער
פון די מלאָכים הימל־ריין.

4 גואֵל, דו שיינער!
האַר פון די פעלקער!
זון פון גאָט און מענטשן־זון!
פרעכטיקייט, כָּבוד,
ליוב און פאַרערונג,
איצט און אויף אייביק — האַר צו דיר!

24

# Beautiful Saviour




3 Fair is the sunshine,
Fair is the moonlight,
Bright the sparkling stars on high;
Jesus shines brighter,
Jesus shines purer,
Than all the angels in the sky.

4 Beautiful Saviour!
Lord of the nations!
Son of God and Son of Man!
Glory and honor,
Praise, adoration,
Now and forevermore be Thine!

## 25 גאָט זײַ לײַטזעליק צו מיר

תּהלים נ״א

1 גאָט, זײַ לײַטזעליק צו מיר,
איך פֿאַרלאָז מיך נאָר אויף דיר;
דײַן דערבאַרעמונג איז גרויס,
מעק מיר די עֲבֵירות אויס;
מאַך מיך קלאָר און מאַך מיך ריין,
וואַש פֿון זינד מיך מײַן און מײַן.

2 איך בין זינדיק, איך בין שלעכט,
דו באַגערסט נאָר וואָר און רעכט.
ביסט מײַן גוֹאֵל, דו אַליין,
גיב דײַן חָכמה מיר פֿאַרשטיין,
הער מײַן תּפֿילה, מײַן געשריי:
וואַש מיך ווייסער פֿון דעם שניי.

3 גאָט פֿון גנאָד, מײַן האַרץ באַניי,
כ׳וועל דיר דינען וואָר און טריי.
וואַרף מיך נישט אַוועק פֿון דיר,
גיב דײַן גײַסט אַרײַן אין מיר.
לייז מיך אויס פֿון שולד און לייד,
שטאַרק דאָס האַרץ מיר מיט דײַן פֿרייד.

4 איך וועל לערנען, האַר, דײַן וועג
דעם, וואָס איז אין זינד אַוועק.
האַר, מעק אָפּ מיר מײַנע זינד,
כ׳וועל דיך לויבן ווי אַ קינד;
מײַנע ליפּן נאָר באַריר –
וועט מײַן מויל לויב זינגען דיר.

# 25 God, Be Merciful to Me

PSALM 51



## 26 גואָל, דו פרייד פון יעדן האַרץ

1 גואָל, דו פרייד פון יעדן האַרץ!
דו לעבנס־קוואַל, דו מענטשנס־ליכט!
אונז זעטיקט נישט קיין ערדיש גוטס,
מיר ווענדן זיך צו דיין געזיכט.

2 דיין וואָר איז אייביק קלאָר און ריין,
דו לייזסט אויס די, וואָס רופן דיך;
ביסט גוט צו די, וואָס זוכן דיך,
און נאָר צו זיי באַווייזסטו זיך.

3 דו שפּייזסט אונז מיט דיין לעבנס־ברויט,
דאָך שרייט נאָך אַלץ נאָך דיר די קעל;
דו טרינקסט אונז אָן, דו לעבנס־קוואַל,
דאָך שמאַכט נאָך אַלץ נאָך דיר די זעל.

4 און רולאָז בענקט דער גייַסט צו דיר,
אַוואו מיר זאָלן דאָ נישט זיין;
צופרידן זענען מיר בלויז דאַן,
ווען ס'פאַלט אויף אונז דיין זיסער שיין.

5 אָ, גואָל, שטענדיק בלייב מיט אונז,
אַנטפּלעק פאַר אונז דיין אָנגעזיכט;
פאַרטרייב די פינצט'רע נאַכט פון זינד,
באַשיין די וועלט, דו הייליק ליכט.

## 27 אָ, גאָט פון גנאָד, פאַרלאָז מיך נישט

תהלים ע"א

1 אָ, גאָט פון גנאָד, פאַרלאָז מיך נישט,
ווען איך ווער אַלט און שוואַך,
איך וויל דיין מאַכט פאַרקינדיקן
אין מיט פון פאָלק אַ סך.

2 דיין לויטערע גערעכטיקייט
איז ביזן הימל גרויס,
ווער איז ווי דו, אָ, גאָט, וואָס פירט
פיל גרויסע וואונדער אויס.

3 לען אונטער מיך און שטאַרק מיך, גאָט,
אָ, קער צו מיר דיך אום,
פאַר דיין געטרייַשאַפט וועט מיין לויב
נישט ווערן קיינמאָל שטום.

4 דו הייליקער פון ישׂראל,
צו דיר איז מיין געזאַנג!
די זעל, וואָס דו האָסט אויסגעלייזט,
וועט לויבן דיך מיט דאַנק.

# 26 Jesus, Thou Joy of Loving Hearts



1. Je - sus, Thou Joy of lov - ing hearts, Thou Fount of life, Thou Light of men,
2. Thy truth un-changed hath ev - er stood; Thou sav-est those that on Thee call;
3. We taste Thee, O Thou liv - ing Bread, And long to feast up - on Thee still;
4. Our rest-less spir - its yearn for Thee, Wher-e'er our change-ful lot is cast;
5. O Je - sus, ev - er with us stay, Make all our mo-ments calm and bright;





From the best bliss that earth im-parts We turn un-filled to Thee a-gain.
To them that seek Thee, Thou art good, To them that find Thee, all in all.
We drink of Thee, the Foun-tain-head, And thirst our souls from Thee to fill.
Glad, when Thy gra-cious smile we see, Blest, when our faith can hold Thee fast.
Chase the dark night of sin a - way, Shed o'er the world Thy ho - ly light.



# 27 O Gracious God, Forsake Me Not

PSALM 71



1. O gra-cious God, for - sake me not When I am old and gray,
2. Thy per-fect right-eous-ness, O God, The height of heaven ex-ceeds;
3. O turn a - gain and com - fort me, My wan-ing strength in-crease,
4. Thou Ho - ly One of Is - ra - el, To Thee sweet songs I raise;





That un - to those that fol - low me I may Thy might dis-play.
O who is like to Thee, Who hast Per-formed such might - y deeds?
And for Thy faith-ful - ness, O God, My praise shall nev - er cease.
The soul Thou hast re - deemed from death Shall give Thee joy - ful praise.



# 28 דו גײַסט פֿון גאָט, קום אין מײַן האַרץ אַרײַן

1 דו גײַסט פֿון גאָט, קום אין מײַן האַרץ אַרײַן,
דורך אַלע בלוטן מײַנע זיך באַװעג;
דו מעכט'קער, נײג זיך צו מײַן שװאַכקײט אײַן,
איך זאָל דיך ליב האָבן, ליב אָן אַ ברעג.

2 קײן טרױם, קײן נָבֿיא־זעאונג – בעט איך ניט,
ניט – צו פֿאַרלאָזן גלײַך די ערדן־צעל,
נישט קײן מלאָכים־געסט, נישט זײער מיט,
נעם נאָר אַװעק דאָס חַשכות פֿון מײַן זעל.

3 לאָז פֿילן מיך, ביסט נאָנט מיר אַלעמאָל,
און לערן דולדן מיך מײַן זעלן־שטרײַט,
צו אונטערדריקן ס'װידערשפּענ'קע קול,
און יעדן צװײפֿל – קענען האַלטן װײַט.

4 כ'זאָל ליב האָבן װי די מלאָכים דײַן,
אײן הײל'קער טריב זאָל אָנפֿילן מײַן זעל;
מײַן האַרץ זאָל פֿאַר דיר אַ מִזבֵּחַ זײַן,
דײַן ליבשאַפֿט זאָל דער פֿלאַם זײַן – ליכטיק, העל.

# 28 Spirit of God, Descend Upon My Heart



# 29

## סע שמאַכט מיין זעל

### תהלים מ"ב

1 סע שמאַכט מיין זעל צו דיר, מיין גאָט,
און נאָך דיין גרויס גענאָד,
ווי ס'שמאַכט אַ הירש צום קילן קוואַל,
ווען מ'יאָגט זיך נאָך זיין טראָט.

2 צו דיר, מיין לעבעדיקער גאָט,
פאַרשמאַכט מיין זעל אין לייד;
אָ ווען וועל איך דיין פּנים זען,
דיין פּראַכט און געטלעכקייט?

3 וואָס בייגסטו זיך און ברומסט, מיין זעל?
האָף אויף דער הילף פון האַר,
ער וועט אויף לידער פריילעכע
פאַרבייטן דיר דיין צער.

4 וואָס בייגסטו זיך און ברומסט, מיין זעל?
דו האָף און זינג און שאַל
אַ לויב צו אים, וואָס איז דיין האַר,
דיין הילף און לעבנסקוואַל.

# 29 As Pants the Hart

PSALM 42




3 Why restless, why cast down, my soul?
Trust God, who will employ
His aid for thee, and change these sighs
To thankful hymns of joy.

4 Why restless, why cast down, my soul?
Hope still, and thou shalt sing
The praise of Him who is thy God,
Thy health's eternal Spring.

# 30 נענטער, מיין גאָט, צו דיר

1 נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער צו דיר!
מעג עס אַ צלָב אויך זיין
וואָס דריקט אויף מיר;
וועט מיין געזאַנג דאָך זיין
נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער צו דיר.

2 זאָל מיר ווי יַעקבֿן,
די זון פֿאַרגיין,
ווערט אויף בייַנאַכט מיר זיין
מיין רו אַ שטיין;
כ׳וועל דאָך אין חָלום זיין
נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער צו דיר.

3 זאָל מיר דער וועג אויך זיין
שווער פֿאַר דעם טראָט,
פֿירט ער צום הימל דאָך
צו גאָטס גענאָד;
ס׳ווינקען מלאָכים מיר
נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער צו דיר.

4 און ווען דער מאָרגן קומט
מיט ליבֿ און שיַין,
כ׳בוי דיר אַ בֵית־אֵל אויס
פֿון צַער און פּיַין;
כ׳זאָל דורך מיין לייד נאָר זיין
נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער, מיין גאָט, צו דיר,
נענטער צו דיר.

# Nearer, My God, to Thee



## 31 ווי ליבלעך דיינע וואוינונגען

תהלים פ"ד

1 ווי ליבלעך דיינע וואוינונגען,
ווי טייער, גאָט, און שיין;
ווי אָנגענעם דיין רו־פּלאַץ איז,
אַוואו דו וואוינסט אַליין.

2 די הויפן דיינע, האַר, צו זען,
מיין זעל גייט אויס און שמאַכט;
מיין האַרץ, מיין לייַב, זיי שרייען נאָר
צו דיר, מיין גאָט, מיין מאַכט.

3 דאָס שפּערל, זע, געפינט פאַר זיך
אַוואו צו זיין אַ הויז,
און אויך די שוואַלב — זי זוכט פאַר זיך
אַ שטילע נעסט אַרויס.

4 וואויל די, וואָס זינגען אין דיין הויז
צו דיר אַ לויבגעזאַנג,
געבענטשט דער מענטש, וואָס ביסט זיין קראַפט,
וואָס גייט געטריי דיין גאַנג.

## 32 פון יעדן שטורעמווינט, וואָס ווייַט

1 פון יעדן שטורעמווינט, וואָס ווייַט,
פון די פאַרפלייצונגען מיט לייַד,
איז דאָ אַ רואיק, זיכער אָרט,
דאָס איז ביים רַחמים־שטול, אָ דאָרט.

2 אַ פּלאַץ, וואו ס׳גיסט דער האַר אַראָפּ
דעם אייל פון פרייד אויף אונזער קאָפּ;
אַ בעסער פּלאַץ פון יעדן שאַץ,
גאָטס בלוט־באַפלעקטער רַחמים־פּלאַץ.

3 דאָרט בלענדט אַיעדער גייַסט און שיינט,
דאָרט חַברט זיך אַ פריינט מיט פריינט;
דאָרט טרעפט מען זיך פון אומעטום,
ביים רַחמים־שטול, אים רונדאַרום.

4 נישטאָ קיין מאָס פאַר צייט, פאַר רוים,
מיר שוועבן אום ווי אין אַ טרוים;
דער גואֵל בענטשט אונז אַלע דאָרט,
און כָּבוד קרוינט דאָס רַחמים־אָרט.

# 31 How Lovely are Thy Dwellings

PSALM 84







# 32 From Every Stormy Wind That Blows






## 33 פיר מיך, אָ דו גרויסער גאָט מיין

1 פיר מיך, אָ דו גרויסער גאָט מיין,
ווייז דעם וועג דורך וויסטן לאַנד;
איך בין שוואַך, דאָך דו ביסט מעכטיק,
האַלט מיך מיט דיין שטאַרקער האַנט.
מָן פון הימל!
שפּייז מיך, גאָט, איך זאָל זיין זאַט.

2 עפן אויף פאַר מיר דיין פעלזן,
פליסן זאָל דיין לעבנס־קוואַל;
מיט דיין עַמוד־אֵש באַשיץ מיך
פון די שׂונאים איבעראַל.
גרויסער רעטער,
זיי מיין שטאַרקייט, הילף און שוץ.

3 ווען איך קום צום ברעג פון יַרדן—
וויש מיין שרעק אָפּ מיט דיין האַנט;
פיר אַריבער מיך דאָס וואַסער
אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד.
דאַנק־געזאַנגען
וועל איך אייביק זינגען דיר.

# 33 Guide Me, O Thou Great Jehovah



## 34 אָט ווי איך בין, איך רים זיך ניט

1 אָט ווי איך בין, איך רים זיך ניט,
בלויז אַז פאַר מיר – איז אויך דיין בלוט,
און אַז דו רופסט מיך – גיי איך מיט,
אָ לאַם פון גאָט, איך קום, איך קום!

2 אָט ווי איך בין, נישט צוגעגרייט,
און פול מיט צווייפל, ווייַ און לייד,
אינווייניק – שרעק, אינדרויסן – שטרייט,
אָ לאַם פון גאָט, איך קום, איך קום!

3 אָט ווי איך בין: בלינד, אָרעם, קראַנק;
דו וועסט מיר געבן אַ געשאַנק
די קלאָרע ראִיה, דיין געדאַנק,
אָ לאַם פון גאָט, איך קום, איך קום!

4 אָט ווי איך בין, דו וועסט אַליין
מיך אויפנעמען געהיילט און ריין;
דו ביסט מיין הילף, מיין פעלזנשטיין,
אָ לאַם פון גאָט, איך קום, איך קום!

## 35 דיין וואָרט – אַ לאָמפּ פאַר מיינע פיס

תהלים קי"ט

1 דיין וואָרט – אַ לאָמפּ פאַר מיינע פיס
צו ווייזן מיר דעם וועג;
וואו איך זאָל גיין – אַ פריילעך ליכט –
צו צייכענען מיין שטעג.

2 ווען ס'דריקן מיך יסורים פיל,
און פינצטער ווערט מיין בליק,
ריכט אויף לויט דיין הַבטָחה, האַר,
מיין שוואַכע זעל צוריק.

3 אָ, לאָז דעם קָרבן פון מיין לויב
פאַר דיר באַוויליקט זיין;
און לערן מיך צו גיין אין די
גערעכטע חוקים דיין.

4 כ'האָב די געבאָטן דיינע, האַר,
מיין אַרבעטייל מיר געמאַכט;
זיי זענען מיר מיין לעצטע טרייסט,
די פרייד – צום האַרץ, וואָס שמאַכט.

## 34 Just as I am, Without One Plea




## 35 Thy Word is to My Feet a Lamp

PSALM 119



# 36 דו, מיין טייל אין אייביקייטן

1 דו, מיין טייל אין אייביקייטן,
ביסט מיין פריינט, מיין לעבן מיר;
אויף מיין וואַנדער־וועג, דעם וויטן,
לאָמיך, גוֹאֵל, גיין מיט דיר.
נאָנט צו דיר, נאָנט צו דיר,
נאָנט צו דיר, נאָנט צו דיר;
אויף מיין וואַנדער־וועג, דעם וויטן,
לאָמיך, גוֹאֵל, גיין מיט דיר.

2 נישט פאַר רו און רום און פריידן
זיין וועט מיין געבעט צו דיר;
איך וועל דולדן מי און ליידן,
לאָמיך, האַר, נאָר גיין מיט דיר.
נאָנט צו דיר, נאָנט צו דיר,
נאָנט צו דיר, נאָנט צו דיר;
איך וועל דולדן מי און ליידן,
לאָמיך, האַר, נאָר גיין מיט דיר.

3 פיר מיך דורך דעם טאָל פון שאָטנס,
דורך דעם לעבנס־ים מיך פיר;
ס'לעבן, ס'אייביקע באַטרעטן
לאָמיך, האַר, דערנאָך מיט דיר.
נאָנט צו דיר, נאָנט צו דיר,
נאָנט צו דיר, נאָנט צו דיר;
ס'לעבן, ס'אייביקע באַטרעטן
לאָמיך, האַר, דערנאָך מיט דיר.

# 36 Thou, My Everlasting Portion



## 37 קומט, לויבט דעם פֿאָטער

1 קומט, לויבט דעם פֿאָטער פֿאַר זיין ליבער גוטסקייט,
צערטלעך פֿאַרזאָרגט ער זיינע שטרויכל קינדער.
רימט אים, מלאָכים, רימט אים אין די הימלען,
קומט, לויבט דעם פֿאָטער.

2 קומט, לויבט דעם גואֵל, גרויס איז זיין רַחמָנות,
מיט חֶסֶד זאָרגט ער פֿאַר זיין עַם־סגולה.
בָּחורים, מיידלעך, אַלטע לייט און קינדער,
קומט, לויבט דעם גואֵל.

3 קומט, לויבט דעם גייַסט, דעם טרייסטער פֿון יִשׂרָאֵל,
וואָס קומט פֿון פֿאָטער און דעם זון, צו בענטשן.
קומט, לויבט דעם פֿאָטער, זון און הייל'קען גייַסט,
לויבט גאָט פֿון צבָאות.

# 37 Praise Ye the Father




3 Praise ye the Spirit, Comforter of Israel,
Sent of the Father and the Son to bless us,
Praise ye the Father, Son, and Holy Spirit,
Praise ye the Lord of Hosts.

# 38 דורך דער נאַכט פון צַער און צווייפל

1 דורך דער נאַכט פון צַער און צווייפל
עולֵיֽרֶגל, האַנט אין האַנט,
זינגען לידער פון דערוואַרטונג
אין דעם צוגעזאָגטן לאַנד.
אונז פאָרויס קלאָר דורך דער פינצטער
אונזער שטערן לייכט און וואַכט;
ברודער דריקט די האַנט פון ברודער,
גיי'ן אָן מורא דורך דער נאַכט.

2 אויף זיין פאָלק, זיין אויסגעלייזטן,
לייכט אַראָפּ גאָטס אייגן ליכט,
יאָגט אַוועק די שרעק און וואָלקן
פון אַיעדנס אָנגעזיכט.
איינס דער ציל פון אונזער וואַנדער,
איינס דער גלויבן, איינס דער מוט,
איינס דאָס קוקן ווייט פאָראויסעט,
איינס די האָפ'נונג – גליט ווי גלוט.

3 איינס דאָס ליד פון טויזנט ליפּן,
ווי פון האַרצן איין געפיל;
איינס דער קאַמף, און איינס די סכָּנה,
איינס דער גאַנג, און איינס דער ציל;
איינס דער תַּענוג פון דער שׂמחה
אויף דעם ווייטן ברעג פון טאָל,
וואו דער פאָטער, דער געטרייער,
הערשט אין ליבשאַפט אַלעמאָל.

# 38 Through the Night of Doubt and Sorrow



# 39 נעם מיין לעבן, לאָז עס זיין

1 נעם מיין לעבן, לאָז עס זיין
דיר געהייליקט, האַר, און דיין;
מיינע נעכט און מיינע טעג –
נעם צו לויבן דיך – אַוועק.

2 מיינע הענט – נעם לאָז זיי, גאָט,
טון דיין ווילן, דיין געבאָט;
מיינע פיס נעם – גרינג און שלאַנק
זאָלן גרייט זיין גיין דיין גאַנג.

3 נעם מיין קול מיר, אַז סע זאָל
זינגען, האַר, דיר אַלעמאָל;
נעם די ליפּן, לאָז זיי זיין
פולע מיט דער בשׂורה דיין.

4 נעם מיין ווילן, מיין געביין,
זיי געהערן דיר אַליין;
ס'איז מיין האַרץ מיט דיר נאָר פול –
לאָז עס זיין דיין קעניג־שטול.

5 נעם מיין ליבע; האַר, איך גיס
אויס איר שאַץ צו דיינע פיס;
מיך אינגאַנצן נעם, כ'וועל זיין
תָמיד, תָמיד דיין נאָר, דיין.

# Take My Life, and Let It Be




4 Take my will, and make it Thine;
It shall be no longer mine;
Take my heart, it is Thine own;
It shall be Thy royal throne.

5 Take my love; my Lord, I pour
At Thy feet its treasure-store;
Take myself, and I will be
Ever, only, all for Thee.

# 40 דיר געהער איך, האַר

1 דיר געהער איך, האַר, כ'האָב געהערט דיין קול,
ליבשאַפט האָט גערעדט צו מיר;
כ'גאַר זיך אויפכאַפּן אין די אָרעמס דיין,
זיין וואָס נענטער האַר צו דיר.

כאָר: צי מיך נענטער, אָ געבענטשטער האַר,
צו צום צלָב, נישט לאָז מיך ווייט;
צי מיך נענטער, נענטער, אָ געבענטשטער האַר,
צו דיין בלוטנדיקער זייט.

2 מיט דיין געטלעכער מאַכט פון חֶסֶד, האַר,
הייליק אין דיין דינסט מיך איַין.
זאָל מיט האָפענונג זיכער זיין מיין זעל,
וועט מיין ווילן דאַן זיין דיַין.

3 אָ די הייל'קע פרייד פון אַן איינצ'קער שָעה,
ווען כ'פאַרטיף מיך אין געבעט,
און פאַל כורעים דאָרט פאַר דיין טראָן, מיין גאָט,
ווי אַ פריינט מיט פריינט איך רעד.

4 תהומות ליבשאַפטן זענען גרייט פאַר מיר,
כ'דאַרף דעם יַם אַריבער בלויז.
בערג מיט פרייד פאַראַן, וואָס כ'וועל גרייכן ערשט
רוענדיק ביי דיר אין שויס.

# 40 I am Thine, O Lord



## 41 אָ דו גוטלעך גרויסע ליבע

1 אָ דו גוטלעך גרויסע ליבע,
קום אַראָפּ, דו הימל־פרייד!
מאַך אין אונזער האַרץ דיין וואוינונג,
מיט דיין חֶסֶד אונז באַקלייד.
ביסט, יֵשוּעַ, לויטער רַחמים,
ריינע, גרויסע ליבשאַפט דו,
קום צו אונז מיט דיין ישועה,
נייג צו אונזער האַרץ דיך צו.

2 הויך אַריין דיין גײַסט, דעם ליבן,
אין אַיעדן האַרץ פון צַער,
לאָמיר אַלע דיך באַוואוינען,
האָבן רו אין דיר, אָ האַר.
גיב אונז פון דיין קוואַל פון לעבן,
קום, אַלמעכטיקער, לייז אויס!
לאָמיר זיך צו דיר אומקערן,
אייביק בלייבן אין דיין הויז.

3 אָ פאַרענדיק דיין יצִירה,
לאָמיר ריין, אומשולדיק זיין,
לאָמיר זען שוין די ישועה
אין דיין גוטלעך־הייל'קן שיין.
און אַזוי דורך הערלעכקייטן
קומען מיר אין הימל אָן,
לייגן פאַר דיר אונז'רע קרוינען:
האַר, געלויבט זײַ אויף דיין טראָן!

# Love Divine, All Loves Excelling



# 42 ביי בָבֶלס טייכן

תהלים קל"ז

1 ביי בָבֶלס טייכן האָבן מיר
גװיינט נאָך צִיוֹנס באַרג, גאָטס אָרט,
און אויפגעהאַנגען האָבן מיר
אויף װערבעס אונז'רע האַרפן דאָרט.

2 סע האָבן אונז'רע פּעגנער פרעך
געשפּאָט פון אונזער בראָך און װיי,
פאַרלאַנגט, מיר זאָלן שפּילן נאָך,
מיט אונזער ליד דערפרייען זיי.

3 נאָר אונז געהערן זיפצן בלויז,
אַז ס'ליגט אין חורבות צִיוֹנס װאַנט,
װי קענען מיר דען זינגען דאָרט
דאָס ליד פון גאָט אין פרעמדן לאַנד?

4 שיין צִיוֹן, דו גאָטס הייל'קער באַרג,
װאו ס'האָט זיין װוינאָרט גאָט געמאַכט,
פאַרגעסן שפּילן זאָל מיין האַנט,
אויב כ'װעל פאַרגעסן װען דיין פראַכט.

5 אויב כ'װעל דיך ניט געדענקען מער –
פאַרשטומען זאָל מיין צונג, מיין ליד
אויב ס'װעט אַן אַנדער פרייד װען זיין
מיר ליב װי צִיוֹנס פרייד און פריד.

# 42 By Babel's Streams We Sat and Wept

PSALM 137




4 O Zion fair, God's holy hill,
Wherein our God delights to dwell,
Let my right hand forget her skill
If I forget to love thee well.

5 If I do not remember thee,
Then let my tongue from utterance cease,
If any earthly joy to me
Be dear as Zion's joy and peace.

## 43 האַר, רעד צו מיר

1 האַר, רעד צו מיר, כּדי איך זאָל
אויך רעדן דורך דיין קלאַנג און וואָרט;
און ווי דו זוכסט, לאָז זוכן מיך
פאַרבלאָנדזשעטע פון רעכטן אָרט.

2 האַר, לערן מיך, כ'זאָל לערנען אויך
דאָס טייערסטע, וואָס קומט פון דיר;
מיין וואָרט באַפליגל, גרייכן ס'זאָל
די טיף פון הערצער אָן אַ שיר.

3 האַר, זעטיק אָן מיך מיט דיין זעט,
מיין האַרץ פאַרפול – זאָל איבערגיין
מיט דיין געדאַנק און גליִאיק וואָרט, –
פאַרקינדן כ'זאָל דיין ליבשאַפט ריין.

4 אָ מאַך מיך, האַר, פאַר דיין געצייג,
און נוץ מיך, ווען דו ווילסט און וואו;
ביז איך וועל זען דיין אָנגעזיכט,
דיין הערלעכקייט, דיין פרייד, דיין רו.

## 44 איך פאַרזיכער מיך, מיין גואל

1 איך פאַרזיכער מיך, מיין גואל,
נײַערט נאָר אין דיר.
כ'וויס, ס'וועט קומען דיין ישועה
פריי פאַר מיר.

2 איך בין זיכער, דו אַליין נאָר
וועסט מיך פירן דאָ,
וועסט באַזאָרגען מיינע נויטן
יעדע שָעה.

3 איך פאַרזיכער אין דיין מאַכט מיך, –
ס'שטרויכלט נישט דיין האַנט.
ס'וואָרט, וואָס דו אַליין וועסט געבן,
האָט באַשטאַנד.

4 איך פאַרזיכער מיך אויף אייביק
נײַערט נאָר אין דיר.
כ'וועל נישט קיינמאָל וואַנקען, גואל,
ביסט מיט מיר.

## 43 Lord, Speak to Me




## 44 I am Trusting Thee, My Saviour



# 45 גוֹאֵל, פריינט דו פון מיין זעל

1 גוֹאֵל, פריינט דו פון מיין זעל,
לאָמיך קומען שוין צו דיר;
כוואַליעס יאָגן גיך און שנעל
און דעם וועג פאַרשטעלן מיר.
אָ באַהאַלט מיך, גוֹאֵל דו,
ביז דער שטורעם וועט פאַרגיין,
פיר מיך צו דיין האַפן צו,
נעם מיין זעל אויף, דו אַליין.

2 כ'האָב קיין אַנדער רעטונג ניט,
כ'לען מיך הילפלאָז אָן אויף דיר;
לאָז מיך ניט אַליין אין מיט,
ברענג דיין טרייסט און שטאַרקייט מיר.
איך פאַרטרוי מיך דיר אַליין,
ביסט מיין הילף אין יעדער צייט;
מיט דיין פליגל דעק מיך איין,
ביסט מיין שוץ אין אייביקייט.

3 דיך נאָר דאַרף איך און–ניט מײַן,
ביסט מיר מער ווי אַלץ אַרום;
ביסט דעם בלינדנס ליכט אַליין,
מאַכסט גיין יעדן וואָס איז קרום.
הייליק איז דער נאָמען דיין,–
איך בין לויטער שולד און זינד;
דו ביסט וואָר און לויטער שיין,
איך בין פאַלש, פאַרדאָרבן, בלינד.

4 דו ביסט לויטער גוטס און גנאָד,
וועסט פאַרגעבן מיר די זינד;
לאָז דיין שטראָם פון היילונג, גאָט,
וואַשן ריין מיך ווי אַ קינד.
אָ, דו ביסט דער לעבנס־קוועל,
לאָז מיך שעפן פון דיר פריי;
גיי אויף פון מיין טיפער זעל,
פאַל אויף מיר ווי פרישער שפריי.

# 45 Jesus, Lover of My Soul



# 46 מער הייליקייט גיב מיר

1 מער הייליקייט גיב מיר
צו זיין דיר געטריי;
געדולד מער אין לײדן,
פון זינד מיך באַפריי;
מער גלויבן, מיין גואֵל,
באַגינען און שפּעט,
מער פרייד אין מיין דינען
צו דיר אין געבעט.

2 מער דאַנקבאַרקייט גיב מיר,
מער צוטרוי, מיין האַר;
מער שטאָלץ אין דיין כּבוד,
מער האָפ'נונג אין צַער;
מער ווילן אין שטרעבן,
מער מוט, און מיט דאַנק
צו געבן מיין לעבן
פאַר דיר מיט געזאַנג.

3 מער ריינקייט גיב מיר,
מער מאַכט און מער קראַפט;
מיין ליד און מיין לויב דיר
זאָל האָבן מער האַפט;
מער פאַסיק צו קומען
אין רייך פון דיין רו;
איך זאָל אַזוי הייליק
געבענטשט זיין ווי דו.

# 46 More Holiness Give Me



# 47 דאָס ברויט פֿון לעבן

1 דאָס ברויט פֿון לעבן, האַר,
גיב דו עס מיר,
ווי האָסט אַמאָל בײַם ים
באַשערט אָן שיר.
כ'זוך אין דײַן הייליק וואָרט
נאָר דיך, האַר, דאָרט.
סע שמאַכט נאָך דיר מײַן גײַסט,
אָ לעבנס־וואָרט.

2 בענטש דו דעם אמת, וואָס
האָסט מיר פֿאַרטרויט,
ווי דו האָסט אין גליל
געבענטשט דאָס ברויט.
ס'וועט תּפֿיסה־וואַנט און קייט
דאַן ווערן ניט,
און כ'וועל געפֿינען רו
בײַ דיר אין מיט.

# 47 Break Thou the Bread of Life



# גאָט פירט מיך

1 גאָט פירט מיך, פירט! אָ וואָרט פול זין!
דער גאַנצער הימל ליגט דאַרין!
און וואו איך בין, אין יעדן טאָן
איז גאָט מיט מיר און האַלט מיך אָן.

כאָר: ער פירט מיך ביי זיין האַנט און פירט!
מיין וועג, מיין לעבן – ער רעגירט!
כ'וועל זיין געטרייער קנעכט דאָ זיין,
ער פירט מיך אין זיין לאַנד אַריין.

2 אַמאָל דורך ליידן און דורך נאַכט,
אַמאָל דורך זיסער עֵדן־פּראַכט;
אויף יַמען שטיל, אויף יַמען ווילד
איז גאָט מיט מיר און פירט מיך מילד.

3 איך לייג מיין האַנט אין זיין אַריין,
און ס'שטומט מיין ווייטיק און מיין פיין;
זאָל זיין מיין גורל וואָס סע וויל,
איך גיי אים נאָך צופרידן, שטיל.

4 און ווען כ'דערפיל מיין טאָן אויף דר'ערד,
ווען כ'וועל דורך אים דעם זיג זיין ווערט,
כ'וועל דורך דעם טאָל פון טויט אויך גיין
באַשירעמט פון זיין גנאָד אַליין.

# 48 He Leadeth Me



# 49 אָ, צִיון, אייל דיין שליחות צו דערפילן

1 אָ, צִיון, אייל דיין שליחות צו דערפילן,
דערצייל דער וועלט, אַז גאָט איז ליכט און מאַכט,
אַז ער, וואָס פעלקער שאַפט – ס'איז נישט זיין ווילן
איין זעל זאָל אומקומען אין טיפער נאַכט.

כאָר: ברענג גוטע בשורות, בשורות פון פריד,
בשורות פון גואֵל, פון אויסלייזונג דאָס ליד.

2 זע, וויפל טויזנט ליגן נאָך און דאַרבן
אין פינצטערן געפענקעניש פון זינד,
ס'דערציילט זיי קיינער נישט פון גואֵלס שטאַרבן,
און וויפל יעדערער דורך דעם געווינט.

3 פאַרקינדיק יעדן פאָלק, אַז גאָט דורך וועמען
מע לעבט און זיך באַוועגט – איז ליבשאַפט בלויז;
ווי ר'איז פאַר זיין באַשאַף אויף דר'ערד געשטאָרבן,
דער מענטש זאָל לעבן אויבן אין זיין הויז.

4 גיב דיינע זין די גרויסע שליחות טראָגן,
גיס אויס דיין זעל פאַר זיי, בעט טאָג ווי נאַכט;
גיב דיין פאַרמעג – דו זאָלסט דעם קֵץ אָניאָגן,
דערנענטער ס'קומען פון דעם טאָג פון פראַכט.

# 49 O Zion, Haste, Thy Mission High Fulfilling



# 50 אַ שטאַרקע פעסטונג איז אונז גאָט

1 אַ שטאַרקע פעסטונג איז אונז גאָט,
איז אונזערע כּלֵי־זַיִן;
ער העלפט אונז דאָ אויף טריט און טראָט
פון יעדער נויט באַפרייען.
דער פיינט איז בייז און אַלט,
ער ווענדט אָן זיין געוואַלט,
זיין כּוח, ער איז גרויס!
ער פּוצט מיט ליסט זיך אויס,
נישטאָ אויף דר'ערד זיין גלייַכן.

2 ס'איז אונזער מאַכט דאָך גאָרנישט ניט,
מיר ווערן באַלד פאַרטריבן;
סע קעמפט פאַר אונז דער מאַן אין מיט,
וואָס גאָט האָט אויסגעקליבן.
דו פרעגסט, ווער איז דאָס, ווער?
יֵשוּעַ–דאָס איז ער,
דער האַר פון צבָאות,
זיין נאָמען, ער איז גרויס,
דעם קריג מוז ער געווינען.

3 און זאָל דער שָׂטן זיין ווי שלעכט,
ער וועט אונז נישט באַצווינגען;
מיר שרעקן זיך נישט, ווייל גאָטס רעכט
מוז זיגן און געלינגען.
דער שָׂטן פון דער וועלט,
פאַר מעכטיק זיך פאַרשטעלט;
אונז שרעקט ער אָבער ניט,
זיין סוף קומט טריט ביי טריט,
איין וואָרט וועט אים באַזיגן.

4 דאָס וואָרט איז איבער אַלץ אויף דר'ערד,
איז אונזער מאַכט און היטער;
און דער, וואָס איז מיט אונז, באַשענקט
אונז מיט זיין גייַסט און גיטער.
זיי מעגן נעמען ס'לייַב,
דאָס האָב, דאָס קינד, דאָס ווייב,
מעג אַלץ ווי רויך פאַרגיין;
גאָטס וואָר–זי וועט באַשטיין,
זיין מלוכה איז אויף אייביק.

# 50 A Mighty Fortress is Our God



## 51 אָ האַר מיין, לאָז מיט דיר מיך גיין

1 אָ האַר מיין, לאָז מיט דיר מיך גיין,
און לאָמיך דינען דיר אַליין;
דו לערן מיך דיין זיסן סוד,
און העלף מיר האַלטן דיין געבאָט.

2 דו העלף מיר מיט אַ ליבשאַפט־וואָרט
נאָך רירן ס'שוואַכע האַרץ פון אָרט;
אָפּוועגדן טריט פון שלעכטס צו גיין,
זיי פירן אויף דעם וועג אַהיים.

3 דו לערן מיך אויך דיין געדולד
צו העלפן טראָגן יענעמס שולד;
אָ לאָמיך בויען דאָ מיין נעסט
אין מי, וואָס האַלט דעם גלויבן פעסט;

4 אין האָפענונג, וואָס וועט די שיין
אויף אונזער וועג אין צוקונפט זיין;
אין פרידן, וואָס נאָר דו אַליין
קאָנסט געבן האַר, מיט דיר לאָז גיין.

## 52 אָ גאָט, דו הילף פון תּמיד אָן

תּהלים צ'

1 אָ גאָט, דו הילף פון תּמיד אָן,
דו האָפענונג אין שטרייט,
ביסט אונזער שוץ און אונזער פּאָן
אין יעדער שטורעם־צייט.

2 אין שטילן שאָטן פון דיין טראָן
איז שרעק אונז נישט באַקאַנט,
ווען ס'קומט אויף אונז דער שׂונא אָן –
באַשירעמט אונז דיין האַנט.

3 דו ביסט געווען נאָך איידער האָסט
באַשאַפן הימל, ערד,
און דו וועסט זיין אין אייביקייט,
ווען אַלץ וועט זיין צעשטערט.

4 אין דיינע אויגן טויזנט יאָר –
זיי זענען ווי אַ טאָג,
און אייביקייט – אַ רגע נאָר,
אַ קורצער אָטעם־צוג.

5 אָ גאָט, דו ביסט געווען און ביסט,
נעם פיר אונז ביי דיין האַנט,
און ברענג אונז אויף דעם סוף פון וועג
אַהיים צום פאָטערלאַנד.

# 51 O Master, Let Me Walk with Thee




# 52 O God, Our Help in Ages Past

PSALM 90



# 53 ווען די לעבנס־שטורעמס שטאָרמען

1 ווען די לעבנס־שטורעמס שטאָרמען,
ווילדעווען אויף יַם און לאַנד,
דעמאָלט זוך איך אַן אַנטרינונג
אין דעם שאָטן פון גאָטס האַנט.

כאָר: עפן מיר דיין שויץ, אָ עפן,
וואו קיין שלעכטס וועט מיך נישט טרעפן;
עפן מיר דיין שויץ, אָ עפן
אין דעם שאָטן פון דיין האַנט.

2 ווען דו שיקסט אַפילו אומגליק,
בענק איך דאָך אַהיים צו דיר;
ווייל אין ליבשאַפט, נישט אין צאָרן
קומט אַראָפּ דיין שטראָף אויף מיר.

3 שונאים מעגן וועלן שאָדן,
שׂטן מעג אַלץ טון זיין גרייט;
וואָס ס׳איז שלעכט – וועסטו פאַרקערן
אין אַ דויערדיקער פרייד.

4 בעֵת איך טו דעם צלָב דאָ טראָגן
קעגן כוואַליעס, שטורעמווינט,
פאַר מיין זעל טוט ישוע זאָרגן –
וועט ווער שעדיקן זיין קינד?

# 53 When the Storms of Life are Raging



# 54 דער זון פון גאָט גייט אין געקריג

1 דער זון פון גאָט, ער גייט אַרויס
אין הייליקן געקריג,
זיין רויטער באַנער ווײַט פאָרויס –
ווער גייט מיט אים צום זיג?
ווער ס'טרינקט דעם כּוס פול וויי און לייד,
און פילט אין פיין דאָס גליק,
ווער ס'איז דעם צלָב צו טראָגן גרייט
דער גייט מיט אים צום זיג.

2 דער ערשטער – דער מאַרטירער גייט,
זיין אויג שניידט דורך די וועלט,
האָט זיין דערלייזער אין די לייד
געזען אין הימל־צעלט.
און האָט געבעטן פאַר די פיינט –
געבענטשט, ווער ס'פילט דאָס גליק –
זיי האָבן אים דאָך נישט געשוינט. –
ווער גייט מיט אים צום זיג?

3 אַן אויסדערווײַלטע בראַווע שאַר,
צוועלף יידן פון איין שטאַם,
באַזעלט אין גייסט פון גאָט, דעם האַר,
אָן שרעק פאַר צלָב און פלאַם.
זיי גייען קעגן שונאס שווערד
און בלוטיק־בייזן בליק,
זיי בייגן זייער קאָפּ צו דר'ערד –
ווער גייט מיט זיי צום זיג?

4 אַ בראַווע עדה, ווייב און מאַן
און זון און טאָכטער, שטייט
אַרום דעם גואלס קעניג־טראָן
אין הייליק ליכט באַקליידט.
אַרויפגעשטיגן טראָט נאָך טראָט
דורך מי, געפאַר און קריג.
אָ, גיב אונז, גאָט, דעם מוט און גנאָד,
צו גיין מיט זיי צום זיג.

# 54 The Son of God Goes Forth to War



# 55 מיין האָפ'נונג איז געבויט אויף רוט

1 מיין האָפ'נונג איז געבויט און רוט
אויף יֵשוּעַס צדקות, אויף זיין בלוט;
אויף יֵשוּעַס נאָמען שטיץ איך מיך,
קיין אייג'נעם זכות און ווערט האָב איך.

כאָר: משיח איז מיין פעלזנשטיין,
דאָס איבריקע איז זאַמד, נישט מיַין,
דאָס איבריקע איז זאַמד, נישט מיַין.

2 כ'רו אויף זיין אייביקן גענאָד
פון זינט איך האָב געשטעלט מיין טראָט;
אין יעדן ווילדן שטורעמווינט –
איך האַלט אָן אים מיך ווי אַ קינד.

3 זיין נֶדר, שבועה און זיין בלוט,
זיי שטיצען מיך, ווען ס'רייסט די פלוט;
ווען ערדיש גוטס טוט אונטערגיין –
מיין האָפענונג – איז ער אַליין.

4 ווען ס'שאַלט דער לעצטער שופר־קלאַנג –
אָ לאָמיך דאַן ביי אים זיין לאַנג
געהילט אין זיין גערעכטיקייט,
געלייַטערט קלאָר דורך זיינע לייד.

# 55 My Hope is Built



# 56 אַרבעט, ווײַל ס'קומט די נאַכט אָן

1 אַרבעט, ווײַל ס'קומט די נאַכט אָן,
אַרבעט מיט דעם באַגינ;
פֿלײַס זיך מיט זונענאויפֿגאַנג
ווי אין פֿעלד די בין.
אַרבעט–דער טאָג ווערט העלער,
ליכטיקער אין דער זון;
אַרבעט, ווײַל קומט די נאַכט אָן–
איז אַלץ אָפּגעטון.

2 אַרבעט, ווײַל ס'קומט די נאַכט אָן,
אַרבעט אויך מיטאָג־צײַט;
פֿיל אָן דעם טאָג מיט אַרבעט–
ס'איז די רו נישט ווײַט.
יעדער מינוט גיב מיט וואָס,
זאָל נישט קיין מי זײַן שווער;
אַרבעט, ווײַל קומט די נאַכט אָן–
אַרבעט מען נישט מער.

3 אַרבעט, ווײַל ס'קומט די נאַכט אָן,
ס'פֿאַרבט זיך דער הימל רויט;
אַרבעט, כּל־זמן ס'איז ליכטיק,
אײדער ס'נאַכט־ליכט גרויט.
אַרבעט, כּל־זמן אַ שטראַל נאָך
פֿאַר אונז'רע אויגן גליט;
אַרבעט, ווײַל קומט די נאַכט אָן
אַרבעט מען שוין ניט.

# 56 Work, for the Night is Coming



# 57 גאָט איז מיין גוטער פּאַסטוך

תהלים כ״ג

1 גאָט איז מיין גוטער פאַסטוך,
ער פירט מיך און באַהיט,
מיט גוטסקייט ער באַלאַסט מיך, –
סע פעלט מיר גאָרנישט ניט.
אויף גרינע לאָנקעס מאַכט ער
מיך רוען אומגעשטערט,
ביי שטילע טייכן פירט ער
אַרום מיך מיט זיין הערט.

2 צוליב זיין נאָמענס־וועגן
באַפרייט ער מיך פון לייד;
ער פירט מיך אויף די שטעגן
פון זיין גערעכטיקייט.
דיין רוט, דיין אָנלען טרייסט מיך,
וואָס שרעקט מיך דען די נויט,
אַז דו אַליין באַגלייטסט מיך
אויך דורך דעם טאָל פון טויט?!

3 מיין שפייז טוסטו מיר וויילן
צו לְהכעיס מיינע פיינט;
זאַלבסט מיך מיט דיינע איילן,
דיין טרונק אין בעכער שיינט.
גאָט, פירן דורך דעם לעבן
דיין גוטסקייט זאָל מיך בלויז;
אַ היים וועסטו מיר געבן
אויף אייביק אין דיין הויז.

# 57 The Lord My Shepherd Holds Me

PSALM 23



## 58 פּרעכטיק שײַנט דעם פּאָטערס גוטסקייט

1 פּרעכטיק שײַנט דעם פּאָטערס גוטסקייט
פֿון זײַן לײַכט־טורם אַלעמאָל,
דאָך אונז גיט ער אָפּצוהיטן
קלײנע ליכט בײַם ברעג פֿון טאָל.

כאָר: לאָז די קלײנע ליכטער לײַכטן!
שיק אַרויס דײַן שײַן אין ווײַט!
נישט אײן שיפֿער – שוין פֿאַרמאַטערט –
וועסטו מַציל זײַן אין צײַט.

2 פֿינצטער איז פֿון זינד דער אָוונט,
כוואַליעס ברומען ווילד – אַ שרעק;
אויגן קוקן, זוכן, בענקען
נאָך די ליכטער בײַ דעם ברעג.

3 פּוץ דײַן לעמפּל אויס, מײַן ברודער;
ווײַל אַ שיפֿער – נאָענט פֿון ברעג –
קאָן נאָך אונטערגײן אין זוכן
אין דער פֿינצטערניש דעם וועג.

# 58 Brightly Beams Our Father's Mercy



# 59 סאַראַ ברייטקייט אין גאָטס רַחמים

1 סאַראַ ברייטקייט אין גאָטס רַחמים,
ווי פון יַם די ברייט און ווייט;
סאַראַ גוטסקייט אין זיין מִשפּט,
מער פון פרייַהייט פון דער צייט.
ס'ווערט קיין לייד פון דר'ערד אין ערגיץ
מער געפילט ווי ביי גאָטס טראָן;
ס'ווערט קיין שטרויכל נישט געמִשפּט
אַזוי מילד ווי אויבן אָן.

2 ווייל גאָטס ליבשאַפט איז פיל טיפער
פון אַ מענטשנס מאָס און צאָל,
און פון אייביקן דאָס האַרץ איז
מילד און האַרציק אַלעמאָל.
וויפל אויסלייַזונג פאַראַן איז
אין פאַרגאָס'נעם בלוט פון האַר;
וויפל פרייד פאַר יעדן איינעם
אין זיין לייד און אין זיין צַער.

3 נישט אַלץ זענען מיר אים שולדיק,
מער פון אַלץ, פיל מערער נאָך;
גרעסער גוטס צוליב דער שלעכטסקייט,
מער רַחמָנות דורך דעם בראָך.
וואָלט די ליבשאַפט זיין נאָך שטאַרקער,
וואָלט נישט זיין שוין מער קיין צַער;
אונזער לעבן וואָלט זיין זוניק
אין דער זיסקייט פון דעם האַר.

# 59 There's a Wideness in God's Mercy



# 60 דערציי̈ל די בשׂורה־טובה

1 דערציי̈ל די בשׂורה־טובה,
דערציי̈ל מיר טאָג ווי נאַכט,
פון גואֵל און זיין ליבשאַפט,
פון גואֵל און זיין פראַכט.
דערציי̈ל די בשׂורה איינפאַך
ווי מען דערציילט אַ קינד,
ווייל איך בין שוואַך און הילפלאָז,
באַפלעקט און לויטער זינד.

3 דערציי̈ל די בשׂורה ערנסט,
דערציי̈ל מיר שטיל און צאַרט;
געדענק, איך בין דער זינדער,
וואָס אויף דעם גואֵל וואַרט.
דערציי̈ל די בשׂורה שטענדיק,
אויב דו ווילסט טאַקע זיין
אין יעדער צייט פון אומגליק
אַ טרייסט, דו טרייסטער מיין.

כאָר: דערציי̈ל די בשׂורה־טובה,
דערציי̈ל די בשׂורה־טובה,
דערציי̈ל מיר פון דער ליבשאַפט
פון גואֵל און זיין פראַכט.

2 דערציי̈ל די בשׂורה לאַנגזאַם,
כ'וויל הערן ווי אַ קינד –
די וואונדער פון דערלייזונג,
גאָטס היילונג פאַר די זינד.
דערציי̈ל די בשׂורה אָפטער,
ווייל איך פאַרגעס געשווינד;
דער מאָרגנטוי ווערט נישט דאָך
בייטאָג גלייך ווי אַ ווינט.

4 דערציי̈ל מיר אָט די בשׂורה,
ווען ס'טוט וואָס שרעקן דיך,
דער פוסטער רום פון דער וועלט
זאָל צופיל קאָסטן מיך.
און ווען פון יענער וועלטס רום
טוט טאָגן אויף מיר העל,
דערציי̈ל מיר אַלץ די בשׂורה:
„דער גואֵל היילט די זעל".

# 60 Tell Me the Old, Old Story



# 61 ווי שטאַרק איז, מאַמינים

1 ווי שטאַרק איז, מאַמינים, דער שטיין אויף דעם אָרט,
וואָס גאָט האָט באַפעסטיקט אַליין מיט זיין וואָרט!
וואָס נאָך קאָן ער זאָגן צו אייך פאַר אַ גוטס,
צו אייך, וואָס איר קומט צו יֵשוּעַן נאָך שוץ?

2 נישט שרעקט אייך, ווייל איך בין מיט אייך אַלעמאָל,
איך בין אייער גאָט, ווען איר רופט פון דעם טאָל;
איך שיץ אייך און שטאַרק אייך אין יעטווידן לאַנד,
כ'גיב הילף מיט מיין רעכטער, אַלמעכטיקער האַנט.

3 ווען כ'הייס אייך דורך וואַסערן טיפע צו גיין
נישט שרעקט אייך, איר גייט דורך די לייד נישט אַליין;
כ'גיי מיט צו פאַרלייכטערן אייך אין דער נויט,
צו הייליקן אייך, ווען איר רופט מיך פאַרטרויט.

4 די זעל, וואָס אין גוֹאֵל זיך שטיצט און זיך לענט –
כ'וועל נישט איבערענטפערן פיינט אין די הענט;
דער שָׂטן מעג שאַרפן אויף איר זיינע ציין –
כ'וועל קיינמאָל די זעל שוין נישט לאָזן אַליין.

# 61 How Firm a Foundation



# 62 אָ ליבער, דו פֿאַרלאָזסט מיך נישט

1 אָ ליבער, דו פֿאַרלאָזסט מיך נישט,
עס רוט בײַ דיר מײַן זעל פֿול פּײַן.
כ׳גיב דיר מײַן לעבן אָפּ מיט דאַנק,
אַז אין זײַן יַם־טיף זאָל זײַן גאַנג
נאָך רײַכער, פֿולער זײַן.

2 אָ ליכט, באַגלײטסט מיך אויף מײַן וועג,
מײַן צאַנקיקער פֿאַקל איז דאָך דײַן.
געבאָרגטן שטראַל מײַן האַרץ קערט אום,
אַז ס׳זאָל זײַן טאָג אין פֿלאַם פֿון זון
נאָך שענער, העלער זײַן.

3 איך קען נישט שליסן ס׳האַרץ פֿאַר דיר,
אָ פֿרייד, וואָס זוכסט מיך אויף דורך פּײַן.
מײַן אויג דעם רעגנבויגן זעט
דורך וואָלקן־גרוי, דער מאָרגן וועט,
איך ווײס, אָן טרערן זײַן.

4 אָ צלב, וואָס דו דערהייבסט מײַן קאָפּ,
כ׳וויל נישט אַנטרינען פֿון דער פּײַן.
די לעבנס־הערלעכקייט איז טויט,
און פֿון דעם באָדן בליט אויף רויט
לעבן, וואָס ט׳ענדלאָז זײַן.

# 62 O Love that Wilt Not Let Me Go



# 63 נעם יֵשוּעַס נאָמען מיט דיר

1 נעם יֵשוּעַס נאָמען מיט דיר,
קינד פון צַער, פון ווי און פּיין;
נעם אים, וואו דו גייסט נאָר מיט דיר,
ער וועט פרייד און טרייסט דיר זיין.

כאָר: גרויסער שֵם, ליב און זיס,
פרייד פון הימל, טרייסט פון דר'ערד!
גרויסער שֵם, ליב און זיס,
פרייד פון הימל, טרייסט פון דר'ערד.

2 נעם יֵשוּעַס נאָמען תָּמיד
ווי אַ שיצונג פאַר געפאַר;
בעֵת נִסיוֹנות – בעט און אָטעם
מיט דעם נאָמען פון דעם האַר.

3 אָ, דער ליבער שֵם יֵשוּעַ!
ס'ציטערט אַזש פון פרייד די זעל,
ווען ער נעמט אונז אויף מיט ליבשאַפט,
און זיין ליד זינגט אונזער קעל.

4 ביי זיין נאָמען בוקן מיר זיך,
פאַלן כּורעִים צו דער ערד;
פאַר דעם מֶלֶך פון מלָכים –
ווערט ער טיף פון אונז פאַרערט.

# 63 Take the Name of Jesus with You



# 64 קומט, אָ איר טרייסטלאָזע

1 קומט, אָ איר טרייסטלאָזע, וואָס טוט דאָ שמאַכטן,
קומט צו דעם רַחמים־שטול, שטיל אין געבעט;
ברענגט איי׳רע הערצער, וואָס אַנד׳רע פאַראַכטן,
הימל טוט היילן די ערדישע לייד.

2 הילף פון פאַרלאָזענע, ליכט פון פאַריאָגטע,
פון קריק־געקומענעם – האָפ׳נונג און פרייד!
דאָ רעדט דער טרייסטער דאָך, צאַרט טוט ער זאָגן:
הימל טוט היילן די ערדישע לייד.

3 דאָ זעט דאָס לעבנס־ברויט, וואַסערן פליסן
ריין פון דעם טראָן פון גאָט, קלאָר, לויטערקייט;
קומט צו דעם ליבשאַפט־פעסט, קומט און זייט וויסן:
הימל טוט היילן די ערדישע לייד.

# Come, Ye Disconsolate



## 65 נישט לאָז דיך פֿאַרפֿירן

1 נישט לאָז דיך פֿאַרפֿירן, פֿאַרפֿירונג איז זינד,
דער ערשטער נצָחון–דעם צווייטן געווינט;
דו קעמף ווי אַ מאַן, באַהערש ס'בייזע געפֿיל,
האָף נאָר צו יֵשועַן, ער'ט דיך פֿירן צום ציל.

כאָר: בעט דעם גואֵל, ער זאָל דיך
טרייסטן, שטאַרקן, דיר העלפֿן;
ער איז גרייט דיר צו בייַשטיין,
ער'ט דיך פֿירן צום ציל.

2 מייד אויס שלעכטע פֿריינט, האַלט נִבול־פֶּה פֿאַראַכטסט,
גאָטס נאָמען האַלט הייליק, נישט נוץ אים אומזיסט;
זיי פֿאָרזיכטיק, ערלעך, גוטהאַרציק און שטיל;
האָף נאָר צו יֵשועַן, ער'ט דיך פֿירן צום ציל.

3 נאָר דער וואָס באַהערשט זיך–אַ קרוין קריגט פֿון גאָט;
דורך גלויבן קומט זיג, כאָטש מע ווערט אָפֿט פֿאַרשפּאָט;
דער גואֵל וועט שטאַרקן אונדז אונזער געפֿיל;
האָף נאָר צו יֵשועַן, ער'ט דיך פֿירן צום ציל.

65

# Yield Not to Temptation



# 66 סע הייבט שוין אָן צו טאָגן

1 סע הייבט שוין אָן צו טאָגן,
די פינצטערניש פאַרשווינדט.
די מענטשן נעמען קלאָגן,
באַרייַען זיי'רע זינד.
דער ווינט פון איבער יַמען
ברענגט בשׂורות פון דער ווייט,
סע רודערן די שטאַמען,
צו שטרייטן ציוֹנס שטרייט.

2 זע וויפל שטאַמען בוקן
און נייגן זיך פאַר גאָט,
און טויזנט הערצער צוקן
אויס דאַנק פאַר גאָטס גענאָד.
דער זינדיקער טוט תשובה,
דעם רוף פון גאָט ער הערט,
און זוכט מָשיחַס בּרָכה
ביים לעבן אויף דער ערד.

3 געבענטשטער טייך פון ישועה,
שטראָם אויף דיין וועג פאָרויס!
זאָלסט נישט אין ערגעץ רוען,
גרייַך איטלעכס פאָלק און הויז.
נישט רו, ביז אַלע וועלן
זען די געבענטשטע שָעה,
און די צַדיקים וועלן
רופן: „דער האַר איז דאָ!"

# The Morning Light is Breaking



# 67 צִיוֹן, שטאָט פון אונזער גאָט דו

1 צִיוֹן, שטאָט פון אונזער גאָט, דו,
ס׳ווערט פון דיר דערציילט דיין פּראַכט.
ער, וואָס זאָגט און ס׳ווערט, ער האָט דאָ
פאַר זיין וואוינאָרט דיך געמאַכט;
פעסטגעשטעלט אויף פעלז פון דוֹרות –
וואָס קאָן רירן דיך פון שטאַנד?
רונד פאַרשאַנצט מיט ווענט, דעם בוֹראס –
מעגסטו לאַכן פון די פיינט.

2 שטראָמען פון דעם לעבנס־וואַסער
קוואַלן פון גאָטס ליבשאַפט אויס,
זעטיקן די זין און טעכטער,
ס׳מאַנגלט נישט אין קיינעמס הויז.
וועמען דאַרשט, אַז אַזאַ וואַסער
טרינקט אָן אַלצדינג אין דעם לויף?
חֶסֶד פון דעם האַר, דעם געבער,
אייביק פליסט און הערט נישט אויף.

3 פאַר אַ יעדער וואוינונג הויערן
וואָלקנזײַל און פייערזײַל,
פאַר אַ הערלעכער באַשירמונג,
ווייזן, גאָט אין מיטן ווײַלט.
צִיוֹן, שטאָט פון אונזער גאָט, דו,
ס׳ווערט פון דיר דערציילט דיין פּראַכט.
ער, וואָס זאָגט און ס׳ווערט, ער האָט דאָ
פאַר זיין וואוינאָרט דיך געמאַכט.

# Glorious Things of Thee are Spoken



## 68 איך וועל נישט קיינמאָל רוען שטיל

1 איך וועל נישט קיינמאָל רוען שטיל
פונוועגן ציונס באַרג,
ביז ס'וועט יהודה זיין געבענטשט
מיט רו אין איר געמאַרק.

2 ביז ס'וועט גערעכטיקייט פון דאָרט
אַרויסגיין פון דאָס ניי,
און ס'ליכט פון דער ישועה וועט
אויף ציון לייכטן פריי.

3 זיין כּבוד וועלן פעלקער זען
און קעניגן זיין רום,
זיין נייער, הייל'קער נאָמען וועט
באַקענט זיין אומעטום.

4 דער שומר אויף זיין טורעם וועט
פאַרקינדיקן, אַז נאָנט
איז דאָך שוין ציונס אויסלייזער,
זיין נאָמען, אָ דערמאָנט.

5 מאַכט גלייך דעם וועג און עפנט אויף
די טויערן דאָרט ברייט,
און אויף אַ קול רופט אויס און שאַלט:
דער שׂר פון שלום גייט!

## 69 קום, דו לאַנג־געגאַרטער גואל

1 קום, דו לאַנג־געגאַרטער גואל,
לייז דיין פאָלק אויס פון דעם טאָל;
פון די שרעק און זינד באַפריי אונז,
לאָז געפינען רו אַמאָל.

2 טרייסט און שטאַרקייט פון ישׂראל,
ביסט די האָפ'נונג פון דער וועלט,
ליבער וואונטש פון יעדער אומה,
פרייד פון יעטווידן געצעלט.

3 ביסט געבוירן צו דערלייזן,
ביסט אַ קינד, און דאָך – אַ האַר!
ביסט צו הערשן דאָ אויף שטענדיק, –
ברענג דיין מלוכה – פריי פון צער.

4 זאָל דיין הייל'קער גייסט באַהערשן
אונז'רע הערצער אַלעמאָל;
אין דיין זכות זאָלסטו דערהייבן
צו דיין טראָן אונז פון דעם טאָל.

# 68 For Zion's Sake I Will Not Rest



1. For Zi - on's sake I will not rest, I will not hold my peace,
2. Un - til her right-eous-ness re - turn, As day - break aft - er night;
3. The na - tions shall her glo - ry see, And kings de - clare her fame;
4. The watch-men on her walls ap - pear, And day and night pro - claim,
5. Go through, go through, pre - pare the way, The gates wide o - pen fling;





Un - til Je - ru - sa - lem be blest And Ju - dah dwell at ease.
The lamp of her sal - va - tion burn With ev - er - last - ing light.
Ap - point - ed un - to her shall be A new and ho - ly name.
"Zi - on's De - liv - er - er is near; Make men - tion of His name."
With loud - est voice let her - alds say, "Be - hold thy com - ing King."



# 69 Come, Thou Long-Expected Jesus



1. Come, Thou long - ex - pect - ed Je - sus, Born to set Thy peo - ple free;
2. Is - rael's Strength and Con - so - la - tion, Hope of all the earth Thou art;
3. Born Thy peo - ple to de - liv - er, Born a child, and yet a King;
4. By Thine own e - ter - nal Spir - it Rule in all our hearts a - lone;





From our fears and sins re - lease us; Let us find our rest in Thee.
Dear De - sire of ev - ery na - tion, Joy of ev - ery long - ing heart.
Born to reign in us for - ev - er, Now Thy gra - cious king-dom bring.
By Thine all - suf - fi - cient mer - it Raise us to Thy glo - rious throne.






## 70 פאַרוואָס טוען פעלֿקער שטאָרמען

תהלים ב׳

1 פאַרוואָס טוען פעלֿקער שטאָרמען?
אומות טראַכטן לֿיידיקייט,
און זיי וואַגן שטעלֿן זיך
קעגן האַר פון אייביקייט.
גאָטס געזאַלֿבטער איז צו שפּאָט,
און די האַרן עֵצהן זיך:
זייער הערשאַפט, זייער יְאָך —
לֿאָמיר זיי צערייסן גיך.

2 נאָר דער האַר פון הימלֿ לֿאַכט,
ס'טוט פון זיי גאָט שפּאָטן דאָרט;
פאַלֿן וועט אויף זיי זיין גרים,
ס'וועט דערשרעקן זיי זיין וואָרט:
איך האָב אָבער אויסגעווײלט
און געזאַלֿבט מיין מֶלֶך מיר,
אים געזעצט אויף צִיוֹנס באַרג
און געזאָגט צו אים: רעגיר.

3 כ'וועלֿ פאַרקינדיקן זיין וואָרט,
גאָטס געזעץ איז פעלֿזנשטיין:
דו ביסט מיין געלֿיבטער זון,
כ'האָב געבוירן דיך אַלֿיין.
נעם פאַרלֿאַנג — כ'וועלֿ געבן דיר
פאַר דיין אַרבטייל גאָר די וועלֿט;
וועסט צעברעכן דיינע פיינט,
ס'וועט דיין מאַכט זיין פעסטגעשטעלֿט.

4 הערט, מלָכים, זייט איצט קלֿוג,
האָרכט, איר ריכטער פון דער ערד:
דינט צו גאָט מיט פאָרכטיקייט,
און מיט פרייד דערציטערט ווערט.
קושט דעם זון, ווײלֿ ס'ברענט זיין גרים
און איר וועט פאַרלֿוירן גיין;
וואוילֿ איז די, וואָס זוכן שוץ
דורך דער האַנט פון אים אַלֿיין.

# 70 Wherefore Do the Nations Rage

PSALM 2



# 71 אויף דעם באַרג באַווייזט זיך עמיץ

1 אויף דעם באַרג באַווייזט זיך עמיץ,
דער מבֿשׂר קומט צו גיין,
גוטע נייעס ברענגט ער ציון,
וואָס איז לאַנג פאַרקנעכט געווען;
אָ געפאַנג'נע!
דיך באַפרייט איצט גאָט אַליין.

2 נאַכט געווען איז לאַנג און טרויריק,
דיינע פריינט — פאַלש, האַרט ווי שטיין;
איז געווען שטאָלץ דער שׂונא,
האָט געלאַכט ביי דיין געוויין?
הער אויף טרויערן, —
ציון איז באַליבט און שיין.

3 גאָט, דיין גאָט, וועט דיך אומקערן,
ער אַליין — וועט זיין דיין פריינט;
ס'וועט פאַר דיר דער שׂונא שווינדן,
ס'איז אַ סוף צום זיג פון פיינט;
די דערלייזונג
שיקט דער האַר פון ציון היינט.

# On the Mountain-Top Appearing



# 72 וואויל איז צום האַרס געזאַלבטן

1 וואויל איז צום האַרס געזאַלבטן,
דו דָוִדס גרויסער זון!
די צייט, באַשטימט צו וואַלטן –
זי הייבט פאַר דיר זיך אָן.
דו קומסט – צערייסט די קייטן,
געפאַנגענע – מאַכסט פריי;
דו קומסט פון זינד צו רעטן,
גיסט לעבן אויפדראָסניי.

2 דו קומסט מיט הילף מיט שנעלער
צו דעם וואָס ליידט אומזיסט,
דעם אָרימאַן דערהייבסטו
פון ניד'ריקייט און מיסט;
פאַרבייטסט אויף ליד דאָס זיפצן,
און פינצטערניש – אויף ליכט,
פאַרמִשפָטע – זיי זענען
ליב אין דיין אָנגעזיכט.

3 ווי רעגן טוסטו קומען
אַראָפּ אויף פּרוכטבאַר פעלד,
מיט ליבשאַפט, פרייד און בלומען
נעמט בליען גאָר די וועלט.
פאַר דיר, ווי אַ מבַשׂר,
גייט שָלום הויך פאָרויס,
דיין צִדקות שטראָמט ווי וואַסער
פון יעדן פעלז אַרויס.

4 מלָכים פאַר דיר פאַלן
און בוקן זיך אין שטויב;
און אַלע פעלקער שאַלן,
פאַרקינדיקן דיין לויב.
צו דיר וועט אומאויפהערלעך
זיין יעדנס ליד געווענדט;
דיין קעניגרייך וואַקסט הערלעך,
דיין מלוכה האָט קיין ענד.

# 72 Hail to the Lord's Anointed



# 73 און נענטערט זיך די צייט שוין

1 און נענטערט זיך די צייט שוין,
ווען אַלע אויף דער ערד
צוזאַמען וועלן וואוינען —
איין פּאַסטוך און איין הערט?
ווען יעדער געץ וועט ווערן
צעמאָרשטן ווי אַ שטיין,
און גיין וועט יעדנס תּפֿילה
צו גאָט, דעם האַר אַליין?

2 ווען ייִ ד און יעדע אומה
וועט האָבן איין געבאָט,
פֿאַר איין מִזבֵּחַ קניען,
פֿאַרהערלעכן איין גאָט?
וועט אַלעס וואָס צעשיידט אונז,
פֿאַרשווינדן און אַוועק,
ווי נאַכט־שאָטנס באַגינען,
ווען טאָג קומט אויף דעם וועג?

3 וועט אייביקער דאַן זיין אונז
און זיסער דער פֿאַרבאַנד?
אַן ענגער בונד פֿון פֿרייַנטשאַפֿט
אין אַ געבענטשטן לאַנד?
וועט מער נישט זיין קיין קריג שוין,
קיין ליידן און קיין צער?
די וועלט וועט זיין זיין מלוכה,
דער שׂר פֿון שלום — האַר!

4 אָ לאַנג־געגאַרטער אויפֿגאַנג,
קום מיט דיין שיין צו גיין!
ווען וועט דער מאָרגן לייכטן,
די שאָטנס — טיף פֿאַרגיין?
אָ זיס געפֿיל! די וועכטער
דערפֿרייט דאָס אויף דער וואַכט
צו בעטן, טון און האָפֿן,
ביז ס'וועט פֿאַרגיין די נאַכט.

# 73 And is the Time Approaching



# 74 אויף די בערג שטייגט אויף אַ ליכט

1 אויף די בערג שטייגט אויף אַ ליכט,
און דער טאָג, ער ברעכט אַריין,
ווען מיר וועלן ס'פּנים זען
פון דעם מלך און זיין שיין.
מיד איז אונזער האַרץ פון זאָרג,
און די נאַכט־וואַך — לאַנג ווי לאַנג;
דאָך זיין זיגער־טאָג קומט אָן איצט,
און מיר גריסן מיט געזאַנג.

2 אין פאַרבלייכן פון דער נאַכט
זעען מיר דעם מאָרגנשיין;
און די ליכט פון מענטשנס האַנט
גיי'ן אין גלאַנץ פון מאָרגן איין.
ס'גליט דער מזרח־הימל שיין
מיט באַהאַלט'נער פייער־גלוט,
און דאָס האַרץ פון מענטשן וועקט זיך,
קלאַפּט מיט נייעם, פרישן מוט.

3 האָרך! מיר הערן ווייט אַ קלאַנג,
ער קומט נענטער, פול און העל;
ס'איז דעם גואלס זיגער־ליד,
אונזער האַר עמנואל!
גייט אַרויס באַגריסן אים!
זעל, מיין זעל, זיי פלינק און שנעל,
ברענג דאָס ליבסטע און דאָס בעסטע
פאַר דעם האַר עמנואל.

74 There's a Light Upon the Hills



# 75 וואויל איז צו ציוֹנס שייך־ליכטיקן מאָרגן

1 וואויל איז צו ציוֹנס שייך־ליכטיקן מאָרגן!
ליכט צו די לענדער פון אייביקער נאַכט!
שטיל זייט, איר קולות פון טרויער און זאָרגן,
ציוֹן צו הערשן – אין פרייד האָט דערוואַכט.

2 וואויל איז צו ציוֹנס שייך־ליכטיקן מאָרגן!
דאָס האָט דער נָביא פאָראויסגעזאָגט לאַנג.
זעט, פון געפאַנגענשאַפט קומען מיליאָנען, –
ייִד און נישט־ייִד גייען אויף מיט געזאַנג.

3 זעט, אין דער מִדבר איצט בליען אויף בלומען,
שטראָמען פיל פליסן מיט רַעש אומעטום;
ס'קלינגען די בערג מיט געזאַנגען פון מענטשן,
ס'בליען אויף וויסטעס אַרום און אַרום.

4 און אַלע לענדער און אינזלען און יַמען
יובלען צום גוֹאֵל מיט ליב און מיט דאַנק;
ס'זענען צעשטערט די כּלֵי־זַיִן פון שטאַמען,
ס'גייט אויף צום הימל פון גליק אַ געזאַנג.

# 75 Hail to the Brightness of Zion's Glad Morning



# 76 מַעשׂות פון גוֹאֵל דערצייל מיר

1 מַעשׂות פון גוֹאֵל דערצייל מיר,
ווי זיינ'ען זיי שיין;
כ'וואָלט געוואָלט, ער זאָל דערציילן
זיי מיר אַליין:
מַעשׂות פון וואַנדער,
בילדער פון וועג,
מַעשׂות פון גוֹאֵל —
כ'ליב זיי אָן ברעג.

2 קוֹדם די מַעשׂות ווי קינדער
רונד אים אַרום;
איך וועל מיר מאָלן — זיין בְּרָכה
רוט אויף מיר פרום.
רייד — לויטער גוטסקייט,
מַעשׂים פול גנאָד,
אַלץ מיט דער ליבשאַפט
פון האַר — מיין גאָט.

3 כ'וועל צו דער שטאָט מיט די קינדער
גיין מיטאַנאַנד.
האַלטן אַ צווייג פון אַ פּאַלמע
הויך אין מיין האַנט;
זיין אַן אָנזאָגער
פון האַר — מיין גאָט,
זינגען הוֹשַׁעְנָא
אויף יעדן טראָט.

4 רעד און דערצייל ווי דער יַם דאָרט
וויגט זיך אין שפּיל,
שלייַדערט דאָס שיפל אין שטורעם
פון יַם־גָליל.
און ווי דער גוֹאֵל —
צאַרט ווי אַ קינד —
וויגט איין די כוואַליעס,
שטילט איין דעם ווינט.

# 76 Tell Me the Stories of Jesus




3 Into the city I'd follow
The children's band,
Waving a branch of the palm tree
High in my hand;
One of His heralds,
Yes, I would sing
Loudest hosannas!
Jesus is King!

4 Tell me, in accents of wonder,
How rolled the sea,
Tossing the boat in a tempest
On Galilee!
And how the Master,
Ready and kind,
Chided the billows,
And hushed the wind.

# 77 ווי אַ פּאַסטוך פיר אונז, גואל

1 ווי אַ פּאַסטוך פיר אונז, גואל,
אָ, פאַרזאָרג אונז און באַהיט;
אויף די גרינע פּיטערפּלעצער
פיטער אונז אין דיינע טריט.
האַר יֵשוּעַ, האַר יֵשוּעַ,
זע, מיר גייען מיט דיר מיט.

2 מיר געהערן דיר, אָ גואל,
זיי אַ הילף אונז אויף דעם וועג.
היט דיין הערט, פון זינד באַשיץ אונז,
קער דיך נישט פון אונז אַוועק.
האַר יֵשוּעַ, האַר יֵשוּעַ,
לאָז נישט וויסן אונז פון שרעק.

3 נעם אַריין אונז ווי אַ פאָטער,
אָרעם, זינדיק זענען מיר,
מיט דיין גנאָד און מאַכט באַפריי אונז,
עפן אויף פאַר אונז דיין טיר.
האַר יֵשוּעַ, האַר יֵשוּעַ,
לאָז אונז אומקערן צו דיר.

4 לאָז אונז דאָך דיין גוטסקייט פאָרשן,
לאָז אונז דאָך דיין רָצון טאָן.
אָ געבענטשטער, גרויסער גואל,
מיט דיין ליבשאַפט פיל אונז אָן.
האַר יֵשוּעַ, האַר יֵשוּעַ,
שפּרייט אויס איבער אונז דיין פאָן.

# 77 Saviour, Like a Shepherd Lead Us



# 78 ווייסטו וויפֿל שטערן שטייען

1 ווייסטו וויפֿל שטערן שטייען
אין דעם בלויען הימל־צעלט?
ווייסטו וויפֿל וואָלקנס גייען
רונדאַרום דער גאַנצער וועלט?
גאָט, דער האַר, ער טוט זיי ציילן,
אַז קיין איינער זאָל ניט פֿעלן
פֿון דער גאַנצער גרויסער צאָל.

2 ווייסטו וויפֿל פֿייגל זינגען
אין די ביימער זומער־צייט?
ווייסטו וויפֿל פֿיש סע שפּרינגען
אין די טייכן, נאָנט און ווייט?
גאָט האָט זיי געגעבן לעבן,
אַז זיי זאָלן שווימען, שוועבן,
און כּסדר פֿריילעך זיין.

3 ווייסטו וויפֿל קליינע קינדער
שטייען טעגלעך אויף פֿאַרפֿרי,
אַז זיי זאָלן זען גאָטס וואונדער
און זיין פֿריי פֿון זאָרג און מי?
גאָט אין הימל טוט זיי ציילן,
אַז קיין איינס זאָל אים ניט פֿעלן,
קען אויך דיך און האָט דיך ליב.

# 78 Can You Count the Stars



## 79 דאָס אָוונט־ליד פאַרקלינגט

1 דאָס אָוונט־ליד פאַרקלינגט,
אין מִשכּן רוט די נאַכט,
ביים אָרון־קוֹדֶש ברענט
קוים דער נֵר־תָּמיד זאַכט,
ערשט דורך דער שטילקייט מיטאַמאָל
קלינגט פון דער טיף אַ געטלעך קול.

2 דער אַלטער כֹּהן שלאָפט,
ער שלאָפט דאָרט זאַנפט און זאַכט;
און אין דעם מִשכּן שטיל
דער קליינער לֵוִי וואַכט.
און וואָס פאַר עֵלִין איז פאַרדעקט –
האָט גאָט צו חָנָהס זון אַנטפּלעקט.

3 אָ, גיב מיר דאָס געהער
פון שמואֵלן, מיין גאָט,
פאַרנעמען כ׳זאָל דיין וואָרט,
דיין קלאַנג אויף יעדן טראָט;
כ׳זאָל ענטפערן דיין רוף ווי ער,
און כ׳זאָל דיין ווילן טון אָן שטער.

4 אָ, גיב מיר שמואֵלס האַרץ,
אַ האַרץ וואָס דולדט און גאַרט,
און פאַר דיין הייליק הויז
שטייט אַלעמאָל און וואַרט;
אַ האַרץ – ביים אָטעם פון דיין מאַכט
זאָל זיך באַוועגן טאָג ווי נאַכט.

5 אָ, גיב מיר שמואֵלס זין
צו זיין אָן דיר פאַרטרויט,
געהאָרכזאַם אייביק דיר,
אין לעבן און אין טויט.
איך זאָל מיט קינדער־אויגן זען
די וואָר וואָס איז פאַרהוילט געווען.

# Hushed was the Evening Hymn



## 80 גואֵל, פריינט פון קלײנע קינדער

1 גואֵל, פריינט פון קלײנע קינדער,
זיי אַ פריינט אויך מיר;
נעם מיין האַנט און האַלט מיך שטענדיק
נאָנט לעם דיר.

2 לערן מיך דיין גרויסע גוטסקייט
יעדן טאָג פאַרשטיין;
דו פאַרשטייסט דאָך, ביסט געווען אויך
יונג און קליין.

## 81 צוויי קלײנע אויגן

1 צוויי קלײנע אויגן צו קוקן צו גאָט,
צוויי קלײנע אויערן צו הערן זיין וואָרט,
צוויי קלײנע פיס צו גיין זיין גאַנג,
הענט צו דינען ס'לעבן לאַנג.

2 אַ קלײנע צונג צו רעדן נאָר וואָר,
אַ האַרץ וואָס האָט ליב גאָט ביז גאָר;
נעם זיי, יֵשוּעַ, און זאָלן זיי זיין
תָּמיד, האַר, אינגאַנצן דיין.

# Jesus, Friend of Little Children




## 81

# Two Little Eyes



# 82 קאָן אַ קינד אַזאַ ווי איך

1 קאָן אַ קינד אַזאַ ווי איך
דאַנקען דיר ווי ס'פּאַסט נאָר זיך?
יאָ, געוויס! זיי גוט און פֿיין,
ערלעך אין די מעשׂים דײַן;
ליב דעם האַר, זיי גוט און פֿרום,
זאָג פֿון האַרצן אומעטום:

כאָר: פֿאָטער, אַ דאַנק דיר,
פֿאָטער, אַ דאַנק דיר,
פֿאָטער אין הימל,
אַ דאַנק דיר.

2 פֿאַר די פּירות אויף דעם בוים,
פֿאַר די פֿייגל אין דעם רוים,
פֿאַר דער זון, וואָס לײַכט און שײַנט,
פֿאָטער, מוטער, און די פֿרײַנט,
פֿאַר דער ליבשאַפֿט רונדאַרום,
פֿאַר דער שֶׁפע אומעטום:

3 פֿאַר דער ערד אין בלומעןפּראַכט,
פֿאַר דעם טאָג און פֿאַר דער נאַכט,
פֿאַר דער לער אין יוגנט־צײַט,
כָּבוד, וואָר און דאַנקבאַרקייט,
פֿאַר דער היים און פֿאַר דער פֿרייד,
פֿאַר דעם גוטס פֿאַר אונז געגרייט:

4 פֿאַר די פֿרײַנט אין אונזער שפּיל,
פֿאַר די יום־טובֿ־טעג, די פֿיל,
פֿאַר דער אַרבעט, פֿאַר דעם טון,
וואָס אַ קינד אַ קליינס נאָר קאָן,
פֿאַר דעם טאָג וואָס הייבט זיך אָן,
און דער גרויסער גאָב – דײַן זון:

82

# Can a Little Child Like Me



# 83 שוֹמר, שוֹמר אויף דער וואַכט

1 שוֹמר, שוֹמר אויף דער וואַכט,
זאָג, וואָס הערט זיך מיט דער נאַכט?
גייער איבער באַרג און טאָל,
זע, דער שטערן לייכט אַ פּראַכט!
שוֹמר, זאָגט זיין שיינער שיין
האָפענונג פֿאָראויס, צי פֿרייד?
גייער, יאָ, ער ברענגט דעם טאָג
פֿאַר יִשׂרָאֵל אָנגעברייט.

2 שוֹמר, זאָג אונז פֿון דער נאַכט,
שטייגט דער שטערן הויך אין מיט?
גייער, בענטשונג, ליכט און פּראַכט,
און דער גאַנג מיט וואָר און פֿריד.
שוֹמר, ווערט דער שיין אַליין
גילדן ס'אָרט, וואָס זיי געבערט?
גייער, צייטן זענען זיין,
ער פֿאַרשפּרייט זיך איבער דר'ערד!

3 שוֹמר, זאָג אונז פֿון דער נאַכט,
כ'הער, מיר דאַכט, דאָס מאָרגן־ליד?
גייער, פֿינצטערניש פֿאַרשווינדט,
שרעק און צווייפֿל ווערן ניט.
שוֹמר, וואַנדערן הער אויף,
אייל דיך צו דיין שטילער היים.
גייער, זע, דעם שַׂר־שָלוֹם,
ס'קומט דער זון פֿון גאָט צו גיין!

# 83 Watchman, Tell Us of the Night



# 84 אָ קוּם, אָ קוּם, עִמָנוּאֵל

1 אָ קוּם, אָ קוּם, עִמָנוּאֵל,
לייז אויס דאָס פאָלק דיינס יִשְׂרָאֵל;
וואָס שמאַכט אין שווערן גָלוּת דאָ
אוּן גאַרט כּסֵדר נאָך דיין רוּ.

כאָר: פריי דיך, פריי דיך, אָ יִשְׂרָאֵל,
בּאַלד קוּמט צוּ דיר עִמָנוּאֵל.

2 אָ קוּם, דוּ ליכט, דערפריי די זעל,
אוּן דוּרך דעם חוֹשֶך לייכט אוּנז העל;
פאַרטרייב די וואָלקנס אוּן די שרעק,
אוּן פיר אוּנז אויף דיין בּרייטן וועג.

3 אָ קוּם, אָ קוּם, דוּ גאָט פוּן מאַכט,
וואָס דוּ האָסט דיין געבּאָט אין פראַכט
געגעבּן פוּן בּאַרג סִינַיס הויך
אין דוּנער, בּליץ אוּן וואָלקנרויך.

4 דוּ צווייג פוּן יִשַי, קוּם צוּ גיין
אוּן עפן אוּנז די הימל־היים;
מאַך זיכער צוּ דער הייך דעם וועג,
פאַרשליס פוּן אוּמגליקן דעם שטעג.

# O Come, O Come, Emmanuel



# 85 בעסטער און ליכטיקסטער זון פֿון דעם מאָרגן

1 בעסטער און ליכטיקסטער זון פֿון דעם מאָרגן,
לייכט אונדז אין חושך, און העלף אונדז אַצינד;
שטערן פֿון מיזרח, נישט האַלט דיך פֿאַרבאָרגן,
פֿיר אונדז, וואו ס'ליגט אונדזער אויסלייזער־קינד.

2 קאַלט אויף זיין וויגל די טויטראָפּנס לייכטן,
ניד'ריק זיין קאָפּ ליגט אין שטאַל מיט די שאָף;
גואל פֿון אַלצדינג, באַשאַפֿער און הערשער,
ערן מלאָכים אין שלומער און שלאָף.

3 זאָלן מיר אים ברענגען, אין טיפֿער פֿאַרערונג,
בשׂמים פֿון אֶדום, און מירע פֿון וואַלד;
פּערל פֿון ים, פֿון די בערג דיאַמאַנטן,
קעסטלעכע גאָבן, פֿון מינעס דאָס גאָלד?

4 נישטיק, אָ, זענען די גרויסע קרבנות,
נישט דורך מתּנות וועט קומען זיין גנאָד;
קעסטלעכער פֿיל איז פֿון האַרץ די פֿאַרערונג,
טייערער – תּפֿילות פֿון אָר'מע פֿאַר גאָט.

5 בעסטער און ליכטיקסטער זון פֿון דעם מאָרגן,
לייכט אונדז אין חושך, און העלף אונדז אַצינד;
שטערן פֿון מיזרח, נישט האַלט דיך פֿאַרבאָרגן,
פֿיר אונדז, וואו ס'ליגט אונדזער אויסלייזער־קינד.

# 85 Brightest and Best of the Sons of the Morning



# 86 שטילע נאַכט! קדושה נאַכט

1 שטילע נאַכט! קדושה נאַכט!
אַלצדינג רוט, אַלץ איז זאַכט
רונדאַרום דער מוטער און קינד,
הייליק עופעלע, צאַרט און לינד,
שלאָף אין הימלישן פריד,
שלאָף אין הימלישן פריד.

2 שטילע נאַכט! קדושה נאַכט!
פּאַסטוכער שטיי'ן פאַרטראַכט.
פון די הויכן שירה קלינגט,
וואָס די הימלישע שאַר דאָרט זינגט,
זעט, דער גואל איז דאָ,
זעט, דער גואל איז דאָ!

3 שטילע נאַכט! קדושה נאַכט!
זון פון גאָט, אָ ווי לאַכט
ליב און זיס-דיין הייליק געזיכט,
ביי דעם רעטנדן מאָרגנליכט,
גואל, ביי דיין געבערט,
גואל, ביי דיין געבערט!

4 שטילע נאַכט! קדושה נאַכט!
שענק דיין ליכט, שטערן־פּראַכט!
לאָמיר מיט דער הימלשאַר
זינגען, לויבן אונזער האַר.
זעט, דער גואל איז דאָ,
זעט, דער גואל איז דאָ!

# 86 Silent Night! Holy Night




3 Silent night! Holy night!
Son of God, love's pure light
Radiant beams from Thy holy face,
With the dawn of redeeming grace,
Jesus, Lord, at Thy birth,
Jesus, Lord, at Thy birth.

4 Silent night! Holy night!
Wondrous Star, lend thy light,
With the angels let us sing
Hallelujah to our King!
Christ the Saviour is born,
Christ the Saviour is born!

## 87 זעסטו ברודער יענעם שטערן

1 זעסטו ברודער יענעם שטערן,
ווי ער שיינט אַ פּראַכט?
ווי דער הימל טוט זיך קלערן –
און ס'פֿאַרשווינדט די נאַכט!

2 גאָט פֿון רַחמים און פֿון ליבע
מאַכט פֿון איר אַ סוף,
און די גָלות־נאַכט, די טריבע,
לייכט דיר, יַעקבֿ, אויף!

3 זיי נישט שפֿל און געפֿאַלן,
שטיי אויף, ברודער, גיך;
ליבלעך לייכטן דיר די שטראַלן –
כּוכבֿ שֶל מָשיח!

## 88 אַ קינד פֿון האָפֿנונג איז אונז היינט געבוירן

1 אַ קינד פֿון האָפֿנונג איז אונז היינט
געבוירן און באַשערט.
מלאָכים וועלן האָרכן אים
און שבֿטים פֿון דער ערד.

2 זיין נאָמען וועט זיין שַׂר־שָלום,
אויף אייביקייט געערט –
דער פּאָרכטיקער און שטאַרקער האַר
פֿון הימל און פֿון ערד.

3 זיין הערשאַפֿט וועט זיין אָן אַ סוף,
זיין מאַכט וועט זיין געמערט.
די וואָר וועט וואַכן ביי זיין טראָן,
דער שָלום אויף דער ערד.

# 87 Dost Thou Catch the Gleam




# 88 To Us a Child of Hope is Born



# 89 בֵּית־לֶחֶם, אָ, דו קליינע שטאָט

1 בֵּית־לֶחֶם, אָ, דו קליינע שטאָט,
ווי שטיל רוסט אויסגעשפרײַט!
און העל איבער דיין טיפן שלאָף
די שטערן אויסגעזײַט.
דאָך דיינע גאַסן לייכטן
מיט אייביק ליכט און פּראַכט,
די האָפענונג און שרעק פון טעג
דאָרט טרעפן זיך היינט נאַכט.

2 מָשיחַ איז געבוירן היינט!
און אויבן זינגט אַ שבַח,
ווען ס'שלאָפט דער מענטש, די הימלשאַר
מיט ליבשאַפט האַלט דאָ וואַך.
דער מאָרגנשיין פאַרקינדיקט
די הייליקע געבערט,
און זינגט אַ לויב צו גאָט דעם האַר,
און פריד דעם מענטש אויף דר'ערד.

3 ווי שטיל סע ווערט געגעבן אונז
די וואונדערלעכע גאָב!
גאָט טיילט די הימל־בְּרָכות אויס
אויף יעדן מענטשנס קאָפּ.
ס'הערט קיינער נישט זיין קומען,
דאָך אין דער וועלט פון זינד,
קליינמוטיקע אים נעמען אויף,
מָשיחַ, טייער קינד!

4 מיר בעטן דיך, אָ שטייג אַראָפּ,
בֵּית־לֶחֶמס הייליק קינד!
אָ קום און זיי געבוירן ניי,
פאַרוואַרף פון אונז די זינד.
עס זאָגט אונז אָן די בשׂורה
מיט פרייד די הימלשאַר.
אָ קום צו אונז און זיי מיט אונז,
עִמָנוּאֵל, דו האַר.

# 89 O Little Town of Bethlehem



# 90 פרייד צו דער וועלט! דער מֶלֶך קומט

1 פרייד צו דער וועלט! דער מֶלֶך קומט;
נעם אויף, דו ערד, דעם האַר!
לאָז יעדעס האַרץ אים מאַכן פּלאַץ,
און אָפּטון לייד און צַער.

2 פרייד צו דער ערד! דער גואֵל הערשט,
זינגט, מענטשן, זינגט אַ ליד!
און פעלד און טייך און טאָל און באַרג,
זיי זינגען אַלע מיט.

3 ס'וועט מער נישט זיין קיין לייד, קיין זינד,
קיין דערנער אויף דער וועלט;
ער קומט, זיין בְרָכה רינט און שפּינט,
וואו קלָלָה האָט געקוועלט.

4 ער פירט מיט גנאָד און וואָר די וועלט,
די פעלקער זען ער מאַכט
די וואונדער פון זיין ליבשאַפט, און
זיין צדקות און זיין פּראַכט.

# 90 Joy to the World! the Lord is Come



# 91 ס'האָט דער גואֵל היינט דערוואַכט

1 ס'האָט דער גואֵל היינט דערוואַכט, הַלְלוּיָה!
ס'איז דער טאָג פון אונזער מאַכט, הַלְלוּיָה!
האָט געליטן אויף דעם צלָב, הַלְלוּיָה!
צו דערלייזן אונז ביים סוֹף, הַלְלוּיָה!

2 לאָמיר זינגען לויב דערפאַר, הַלְלוּיָה!
צו דעם גואֵל – אונזער האַר, הַלְלוּיָה!
האָט געליטן גרוב און צלָב, הַלְלוּיָה!
צו דערלייזן אונז פון שטראָף, הַלְלוּיָה!

3 דורך זיין צַער און זיינע לייד, הַלְלוּיָה!
ברענגט ער אונז די זעליקייט, הַלְלוּיָה!
איז דערהייכט איצט פון דעם צלָב, הַלְלוּיָה!
וואו מלאָכים זינגען לויב, הַלְלוּיָה!

4 לאָמיר זינגען לויב צו גאָט, הַלְלוּיָה!
פאַר זיין ליבשאַפט, פאַר זיין גנאָד, הַלְלוּיָה!
זינגט אים לויב, איר הימלשאַר, הַלְלוּיָה!
פאָטער, זון, און גייַסט פון האַר, הַלְלוּיָה!

# 91 Jesus Christ is Risen Today



# 92 קומט, געטרייע, זינגט דאָס ליד

1 קומט, געטרייע, זינגט דאָס ליד
פֿון דעם זיג פֿון פֿריידן!
גאָט האָט אויסגעלייזט זיין פֿאָלק
פֿון די שווערע ליידן;
האָט באַפֿרייט פֿון פּרעהס יאָך
יַעקבֿס זין און טעכטער,
און געמאַכט דעם פֿיינט ביים יַם
האָט ער צו געלעכטער.

2 ס'האָט דער גואל זיך באַפֿרייט
פֿון די תּפֿיסה־צוואַנגען;
פֿון דער פֿינצטערניש פֿון טויט —
ליכט איז אויפֿגעגאַנגען.
ס'איז דער ווינטער פֿון די זינד
ערגיץ שוין פֿאַרפֿלויגן
פֿאַר זיין ליכט צו ווענדן מיר
ווענדן אונדז'רע אויגן.

3 ס'קומט די שענסטע קעניגן
מיט דעם טאָג פֿון פֿריידן,
מיט דעם קעניגלעכן פֿעסט
אָנגעבֿרייט פֿאַר יעדן;
קומט צו ציון, וואָס מיט פֿרייד
טוט עס האַרציק וואַרטן,
אויף יֵשוּעס אויפֿשטיין דאָרט
לאַנג שוין אַ געגאַרטן.

4 „הַלְלוּיָה!"—רופֿן מיר,
זינגען אונטערטעניק.
ס'האָט צעפֿראַלט די טיר פֿון גרובֿ
אונדזער האַר און קעניג.
„הַלְלוּיָה!" מיט דעם זון,
גאָט דעם פֿאָטער לויבן;
„הַלְלוּיָה!" נאָכאַמאָל
צו דעם גייַסט דערהויבן.

# Come, Ye Faithful, Raise the Strain



# 93 טאָג פאַרגייט און נאַכט פאַלט צו

1 טאָג פאַרגייט און נאַכט פאַלט צו,
פון די הייַכן נידערט רו.
האַר און האָף, ווען ס'צינדט די נאַכט
אָוונט־לאָמפּן אָן אין פראַכט
איבער דער הייַך.

כאָר: הייליק, הייליק, הייליק, האַר צבָאוֹת!
אַלדי וועלט איז פול מיט דיר,
אַלדי וועלט טוט רימען דיך,
אָ האַר, מיין גאָט!

2 האַר פון לעבן, זאַמל איין
אַלע אין דיין הויז אַריין,
ברענג אונז צו דיין הייליק ליכט
אין דעם הערט פאַר דיין געזיכט,
דו ביסט דאָך נאָנט.

3 ווען די נאַכט פאַלט צו, אָ קום,
מיט דיין ליבשאַפט נעם אַרום.
דורך דעם חֶסֶד און דעם ליכט
פון די שטערן – דיין געזיכט
שטייַגט אויף דאָס האַרץ.

4 ווען די נאַכט און טאָג און ליכט
נעמען שווינדן אומגעריכט,
האַר צבָאוֹת, ברענג דעם טאָג
פריי פון זאָרגן און פון קלאָג,
ברענג אייביק ליכט.

# Day is Dying in the West



# 94 גואֵל, בענטש אונז מיט דיין בְּרָכה

1 גואֵל, בענטש אונז מיט דיין בְּרָכה,
אונזער האַרץ פִֿיל אָן מיט פרייד.
מיט דיין ליבשאַפט נעם פאַרהיל אונז,
מיט דיין פרידן אונז באַלייט
גואֵל, פיר אונז, ווייל מיר זענען
אין אַ ווילדערניש צעשפרייט.

2 אונזער דאַנק און ליוב און כָּבוד
פאַר דיין פאָטערלעכן וואָרט.
פון דיין זעליקייט די פֵּירות
זאָלן וואַקסן דאָ און דאָרט.
דו, האַר, און דיין כָּבוד זאָלן
זיין מיט אונז אויף יעדן אָרט.

3 ווען סע וועט די שָׁעה אויסשלאָגן
און ס'וועט קומען אונזער צייט,
אויף די פליגל פון מלאָכים
ברענג אונז אין דער אייביקייט.
אייביק פריילעך, ווען מיר וועלן
פון דער וועלט שוין זיין באַפרייט.

# 94 Lord, Dismiss Us with Thy Blessing



## 95 גואל, ברענג דעם אָוונט־פרידן

1 גואל, ברענג דעם אָוונט־פרידן
שטיל אויף אונזער גײַסט און זעל;
און דעם זינדיקן, דעם מידן
מיט דיין גנאָד באַשיץ און הייל.

2 מעגן אונז געפאַרן דראָען,
דו פיר אונז צו רו ביינאַכט;
די מלאָכים פון די בלאָען
זאָלן שטיין לעם אונז אויף וואַכט.

3 מעג די נאַכט זיין שווער און פינצטער,
שיידט זי אונז פון דיר נישט אָפּ;
דו ביסט דער, וואָס שלאָפט נישט קיינמאָל,
אויף דיין הערט קוקסטו אַראָפּ.

4 ווען אונז טויט פון לעבן שיידן,
אונזער אָפּדאַך, האַר, ביסטו;
וועק אונז אויף אין דעם גַן־עֵדן,
דאָרט צו זיין מיט דיר אין רו.

## 96 זון פון מיין זעל, דו גואל מיין

1 זון פון מיין זעל, דו גואל מיין,
נישטאָ קיין נאַכט, ווען כ'זע דיין שיין;
נישט לאָז קיין שאָטן און קיין שטער
דאָ צווישן דיר און מיר זיין מער.

2 פאַרבלייב מיט מיר פון פרי ביז שפּעט,
און וואַך ביינאַכט איבער מיין בעט;
איך קאָן אָן דיר נישט לעבן מײַן,
איך קאָן אָן דיר אויך נישט פאַרגײַן.

3 די קראַנקע הייל פון זייער קרענק,
די אָרימע מיט גוטס באַשענק,
זײַ דעם באַטריבטנס שלאָף ביינאַכט,
לאָז ווי אַ קינד אים רוען זאַכט.

4 קום נאָנט און בענטש אונז אינדערפרי,
נאָך איידער ס'פאַלט פון טאָג די מי;
פיר דו אַליין אונז דורך דער וועלט
צום אייביק הימלישן געצעלט.

## 95 Saviour, Breathe an Evening Blessing







## 96 Sun of My Soul, Thou Saviour Dear






# 97 פאַרבלייב מיט מיר

1 פאַרבלייב מיט מיר; דער אָוונט קומט געשווינט;
די נאַכט פאַלט שווער, פאַרבלייב, האַר מיט דיין קינד.
ווען קיינער העלפט, און איך דעם מוט פאַרליר,
דו הילף פון הילפלאָזע, פאַרבלייב מיט מיר.

2 מיין קורצער לעבנסטאָג יאָגט שנעל צום סוף,
די פרייד פאַרגייט, סע קומט דער טיפער שלאָף;
אין אַלץ פאַנאַנדערפאַל – איך זע און שפיר;
מיין האַר, דו אייביקער, פאַרבלייב מיט מיר.

3 איך בעט נישט בלויז אַ קורצן בליק, אַ וואָרט,
ווי ביסט געווען מיט די תּלמידים דאָרט
געדולדיק, פריי, און היימלעך אָן אַ שיר,
אַזוי, מיין האַר, אָ קום פאַרבלייב מיט מיר.

4 איך דאַרף, מיין האַר, דיין נאָנטקייט טאָג ווי נאַכט;
דיין גנאָד נאָר רעטן קאָן פון שׂטנס מאַכט;
ווער קאָן אין אַלץ דען גלייכן זיך צו דיר? –
דורך זון און וואָלקן, האַר, פאַרבלייב מיט מיר.

# 97 Abide with Me



# 98 גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען

1 גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!
זאָל זײַן גוטסקײט און דערבאַרמען
מיט זײַן סטאַדע אײַך דערוואַרמען.
גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!

כאָר: זיך נאָך זען! זיך נאָך זען!
בײַ יֵשועס פֿיס זיך זען.
זיך נאָך זען! זיך נאָך זען!
גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!

2 גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!
זאָל ער אײַך זײַן שוץ באַווײַזן,
מיט זײַן הימל־ברויט אײַך שפּײַזן.
גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!

3 גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!
ווען אײַך סכּנות שרעקן,
וועט ער אײַך זײַן האַנט אויסשטרעקן.
גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!

4 גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!
האַלט די ליבשאַפֿטס־פֿאָן דערהויבן,
ווען דער טויט וויל ס'לעבן רויבן.
גאָט מיט אײַך, ביז מיר'ן זיך נאָך זען!

# 98 God Be with You till We Meet Again



# 99 ס'איז דער טאָג אַריבער

1 ס'איז דער טאָג אַריבער,
ס'נענטערט זיך די נאַכט,
אָוונט־שאָטנס שלײַכן
זיך צום הימל זאַכט.
גואֵל, גיב די מידע
שטילע, זיסע רו,
מיט דײַן צאַרטסטער בְּרָכה
מאַך מײַן אויג מיר צו.

2 שענק די קלײנע קינדער
װעאונגען פֿון דיר;
אויף דעם יַם די שיפֿערס—
צו אַ ברעג דערפֿיר.
זאָלן די מלאָכים,
דורך דער לאַנגער נאַכט,
שטײן מיט זײ'רע פֿליגל
בײַ מײַן בעט אויף װאַכט.

3 װען דער מאָרגן װעקט זיך,
לאָמיך דעמאָלט זײַן
רײן און פֿריש און זינדלאָז
אין די אויגן דײַנע.
כָּבוד צו דעם פֿאָטער,
כָּבוד צו דעם זון,
און דו, גײַסט געבענטשטער,
אונזער לויב נעם אָן.

# 99 Now the Day is Over



# 100 גואֵל, מיר הייבן אויף דאָ נאָכאַמאָל

1 גואֵל, מיר הייבן אויף דאָ נאָכאַמאָל
צום ליבן נאָמען אין געזאַנג דאָס קול;
און בענטשן דיך נאָך איידער אונזער שָעה
פאַרגייט, דערוואַרטנדיק דיין פרידן דאָ.

2 שענק אונז דיין פרידן אויף דעם וועג אַהיים;
מיט דיר הייבט טאָג זיך אָן און וועט פאַרגיין;
היט אונזער מויל פון זינד, דאָס האַרץ–פון שאַנד,
דיין נאָמען רופן מיר דאָ נאָכאַנאַנד.

3 שענק אונז דיין פרידן, האַר, אויף איבער נאַכט,
אויף דיינע קינדער–דו אַליין האַלט וואַכט;
פאַרבייט פאַר אונז די פינצטערניש אויף ליכט,
זיי זענען גלייך דאָך אין דיין אָנגעזיכט.

4 שענק אונז דיין פרידן, האַר, דאָ אויף דער ערד;
אין לייד–דו היילונג, און אין קאַמף–דו שווערד;
ווען גיסט–דעם שטרייט צו ענדן–אַ באַפעל,
גיב דאַן דיין הימל־פרידן אונזער זעל.

# 100 Saviour, Again to Thy Dear Name



1 אויב איך זאָל רעדן מיט די לשונות פון מענטשן און פון מלאָכים, און האָב נישט קיין ליבשאַפט, בין איך געוואָרן ווי קלינגענדיק מעש אָדער אַ שאַלנדיקער צימבל.

און אויב איך זאָל האָבן די מַתָּנה פון נבואה, און זאָל וויסן אַלע סודות און אַלע חָכמות, און אויב איך זאָל האָבן די גאַנצע אֶמונה, אַזוי אַז איך זאָל קענען איבערשטעלן בערג, און האָב נישט קיין ליבשאַפט, בין איך גאָרנישט.

און אויב איך שענק מיין גאַנץ פאַרמעג צו שפייזן די אָרעמע, און גיב מיין לייַב פאַרברענט צו ווערן, און האָב נישט קיין ליבשאַפט, אַזוי נוצט עס מיר גאָרנישט.

ליבשאַפט טראָגט אַ סַך אַריבער, און איז גוטהאַרציק, ליבשאַפט טוט נישט מקַנא זיין, ליבשאַפט טוט נישט שטאָלצירן, זי בלאָזט זיך נישט אָן.

זי באַגייט זיך נישט געמיין, זי זוכט נישט דאָס איריקע, זי דערצערנט זיך נישט, טראַכט נישט קיין שלעכטס, פרייט זיך נישט אין קיין עַוולה, נייַערט פרייט זיך גיכער מיט דעם אֱמֶת. אַלץ פאַרטראָגט זי, אַלץ גלויבט זי, אַלץ האָפט זי, אַלץ האַלט זי אויס.

ליבשאַפט ווערט קיינמאָל נישט בָטל.

אויב אָבער עס זענען פאַראַן נבואות, וועלן זיי אָפּגעטון ווערן; אויב לשונות, וועלן זיי בָטל ווערן; אויב חָכמה, וועט זי אָפּגעטון ווערן. וואָרום מיר וויסן טיילוויז, און מיר זאָגן נבואות טיילוויז; ווען אָבער דאָס שלֵימותדיקע וועט קומען, וועט דאָס, וואָס איז טיילוויז, אָפּגעטון ווערן.

אַצינד זעען מיר ווי אין אַ שפּיגל, טונקל; דעמאָלט אָבער פָּנים אֶל־פָּנים. אַצינד וויס איך טיילוויז, דעמאָלט וועל איך וויסן אינגאַנצן, אַזוי ווי איך בין אויך אינגאַנצן דערקענט געוואָרן.

און אַצינד פאַרבלייבט אֱמונה, האָפענונג, ליבשאַפט, די דאָזיקע דריי; און דאָס גרעסטע פון זיי איז ליבשאַפט. פון קאָרינטער א׳, יג.

2 פון די טיפענישן רוף איך דיך, גאָט.
גאָט, הער מיין קול; זאָלן דיינע אויערן פאַרנעמען דאָס קול פון מיינע געבעטן.
ווען דו, גאָט, זאָלסט מערקן זינד, ווער, גאָט, וואָלט קענען באַשטיין?
אָבער ביי דיר איז פאַראַן פאַרגעבונג, דעריבער ווערסטו געפאָרכט.
איך האָב געהאָפט צו גאָט, מיין נֶפֶש האָט געהאָפט, און אויף זיין וואָרט האָב איך געהאַרט.
מיין נֶפֶש קוקט אויס צו גאָט, מער ווי די וועכטער אויפן פרימאָרגן, ווי די וועכטער אויפן פרימאָרגן.
האַר, יִשׂרָאֵל אויף גאָט, וואָרום ביי גאָט איז פאַראַן גענאָד און גרויס אויסלייזונג.
און ער וועט אויסלייזן יִשׂרָאֵל פון אַלע זיינע זינד. תהלים קל.

1 If I speak with the tongues of men and of angels, but have not love, I am become sounding brass or a clanging cymbal.

And if I have the gift of prophecy, and know all mysteries and all knowledge, and if I have all faith, so as to remove mountains, but have not love, I am nothing.

And if I bestow all my goods to feed the poor, and if I give my body to be burned, but have not love, it profiteth me nothing.

Love suffereth long, and is kind; love envieth not; love vaunteth not itself, is not puffed up.

It doth not behave itself unseemly, seeketh not its own, is not provoked, taketh no account of evil; rejoiceth not in unrighteousness, but rejoiceth with the truth; beareth all things, believeth all things, hopeth all things, endureth all things.

Love never faileth.

But whether there be prophecies, they shall be done away; whether there be tongues, they shall cease; whether there be knowledge, it shall be done away. For we know in part, and we prophesy in part; but when that which is perfect is come, that which is in part shall be done away.

For now we see in a mirror, darkly; but then face to face. Now I know in part, but then shall I know fully even as also I was fully known.

But now abideth faith, hope, love, these three; and the greatest of these is love. **From I Corinthians 13.**

2 Out of the depths have I cried unto Thee, O Lord.

Lord, hear my voice; let Thine ears be attentive to the voice of my supplications.

If Thou, Lord, shouldest mark iniquities, O Lord, who could stand?

But there is forgiveness with Thee, that Thou mayest be feared.

I wait for the Lord, my soul doth wait, and in His word do I hope.

My soul waiteth for the Lord, more than watchmen for the morning; yea, more than watchmen for the morning.

O Israel, hope in the Lord; for with the Lord there is mercy, and in Him is plenteous redemption.

And He will redeem Israel from all his iniquities. **Psalm 130.**

3 אונזער פאָטער, וואָס ביסט אין הימל,
גערייליקט זאָל ווערן דיין נאָמען.
זאָל קומען דיין מַלכות.
זאָל דיין רָצון געטון ווערן,
ווי אין הימל, אַזוי אויך אויף דער ערד.
גיב אונז היינט אונזער טעגלעך ברויט.
און זיי אונז מוחל אונזערע שולדיקייטן,
ווי מיר זענען אויך מוחל אונזערע שולדיקע.
און ברענג אונז נישט צו קיין נסָיון,
נײַערט זיי אונז מַציל פון דעם שלעכטן.
וואָרום דיר געהערט די מלוכה, און די גבורה,
און דער כָּבוד, אויף אייביק, אָמֵן.

פון מתיא ו.

4 האָט גאָט פאַרוואָרפן זיין פאָלק? חָלילה! וואָרום איך בין אויך אַ יִשׂרְאֵלי, פון אַברָהָמס זאָמען, פון שֵבֶט בִנְיָמִין.

גאָט האָט נישט פאַרוואָרפן זיין פאָלק, וואָס ער האָט געקענט פון פריער.

צי ווייסט איר נישט וואָס דער פָּסוק זאָגט וועגן אֵלִיָהוּן? ווי אַזוי ער טַענהט מיט גאָט קעגן יִשׂרָאֵלן:

„גאָט, זיי האָבן געהַרגעט דיינע נביאים, דיינע מִזבְּחות האָבן זיי אַראָפּגעריסן, און איך בין געבליבן אַליין, און זיי באַגערן מיין לעבן."

וואָס אָבער זאָגט צו אים דער ענטפער פון גאָט? „איך האָב מיר איבערגעלאָזט זיבן טויזנט מאַן, וואָס האָבן נישט געקניט צו בַּעַלן."

פונקט אַזוי איז אויך אַצינד פאַראַן אַן איבערבלייבונג לויט דער בחירה פון חֶסֶד.

איך זאָג דעם אֶמֶת אין מָשיחַן, איך זאָג קיין ליגן נישט, מיין געוויסן איז מיר אויך מֵעיד אין דעם רוחַ־הַקוֹדֶש, אַז איך האָב גרויס צַער אין אַ באַשטענדיקן ווייטאָק אין מיין האַרצן.

וואָרום איך וואָלט געוואונטשן, אַז איך אַליין זאָל זיין אין חֵרֶם פון מָשיחַן צוליב מיינע ברידער, מיינע קרוֹבים, לויט נאָך דעם פלייש נאָך:

וואָס זענען יִשׂרְאֵלים, וואָס זיי געהערט דאָס רעכט אַלס קינדער, און דער כָּבוד, און די בונד־שליסונגען, און מַתּן־תּוֹרה, און די הייליקע עֲבוֹדה, און די הַבטָחות;

וואָס צו זיי געהערן די אָבות, און פון וועמען עס שטאַמט מָשיחַ לויט נאָך דעם פלייש נאָך, וואָס איז איבער אַלץ, גאָט זאָל זיין געבענטשט אויף אייביק. אָמֵן.

פון רוימער ט און יא.

3 Our Father who art in heaven,
Hallowed be Thy name.
Thy kingdom come.
Thy will be done on earth,
As it is in heaven.
Give us this day our daily bread.
And forgive us our trespasses,
As we forgive those who trespass against us.
And lead us not into temptation,
But deliver us from evil.
For Thine is the kingdom, and the power,
And the glory, for ever. Amen. From Matthew 6.

4 I say then, did God cast off His people? God forbid! For I also am an Israelite, of the seed of Abraham, of the tribe of Benjamin.

God did not cast off His people which He foreknew.

Or know ye not what the Scripture says of Elijah, how he pleaded with God against Israel?

"Lord, they have killed Thy prophets, they have digged down Thine altars, and I am left alone and they seek my life."

But what saith the answer of God unto him? "I have left for Myself seven thousand men who have not bowed the knee to Baal."

Even so then at this present time also there is a remnant according to the election of grace.

I say the truth in the Messiah, I lie not, my conscience bearing witness with me in the Holy Spirit, that I have great sorrow and unceasing pain in my heart.

For I could wish myself accursed and cut off from the Messiah for my brethren's sake, my kinsmen according to the flesh:

Who are Israelites, whose is the adoption, and the glory, and the covenants, and the giving of the Law, and the service of God, and the promises;

Whose are the fathers, and of whom is the Messiah as concerning the flesh, who is over all, God blessed forever. Amen.

From Romans 9 and 11.

5 באַליבטע, לאָמיר ליב האָבן איינער דעם אַנדערן, וואָרום ליבשאַפט איז פון גאָט; און יעדער איינער, וואָס האָט ליב, איז געבוירן געוואָרן פון גאָט און קען גאָט.

דער וואָס האָט נישט ליב, קען נישט גאָט, וואָרום גאָט איז ליבשאַפט.

אין דעם איז די ליבשאַפט פון גאָט אַנטפּלעקט געוואָרן אין אונז, וואָס גאָט האָט געשיקט זיין בֶּן־יָחִיד אין דער וועלט אַריין, כּדי מיר זאָלן דורך אים לעבן.

אין דעם איז ליבשאַפט: נישט, דאָס מיר האָבן ליב געהאַט גאָט, נייַערט וואָס ער האָט אונז ליב געהאַט, און האָט געשיקט זיין זון צו זיין די פאַרגעבונג פאַר אונזערע זינד.

באַליבטע, אויב גאָט האָט אונז אַזוי ליב געהאַט, באַדאַרפן מיר אויך ליב האָבן איינער דעם אַנדערן.

קיינער האָט ווען עס איז געזען גאָט; אויב מיר האָבן ליב איינער דעם אַנדערן, פאַרבלייבט גאָט אין אונז, און זיין ליבשאַפט ווערט שלֵימות אין אונז.

אין דעם ווייסן מיר, אַז מיר בלייבן אין אים, און ער אין אונז, מַחמת ער האָט אונז געגעבן פון זיין גייַסט.

און מיר האָבן געזען און זאָגן עֵדות, אַז דער פאָטער האָט געשיקט דעם זון צו זיין דער גואֵל פון דער וועלט.

ווער עס טוט מודה זיין, אַז יֵשוּעַ איז דער בֶּן־אֱלֹהִים, אין אים טוט גאָט פאַרבלייבן, און ער אין גאָט.

אויב איינער זאָגט: איך האָב ליב גאָט, און ער האָט פיינט זיין ברודער, איז ער אַ ליגנער. וואָרום דער, וואָס האָט נישט ליב זיין ברודער, וועמען ער האָט געזען, קאָן נישט ליב האָבן גאָט, וועמען ער האָט נישט געזען. פון יוחנן א׳, ד.

6 זע, טעג קומען, זאָגט גאָט, אַז איך וועל שליסן מיט דעם הויז פון יִשׂרָאֵל, און מיט דעם הויז פון יהודה, אַ נייעם בונד;

נישט ווי דער בונד וואָס איך האָב געשלאָסן מיט זייערע אָבות אין דעם טאָג ווען איך האָב זיי אָנגענומען ביי דער האַנט זיי אַרויסצופירן פון לאַנד מִצרַיִם; וואָרום זיי האָבן פאַרשטערט מיין בונד, הַגַם איך בין געווען אַ האַר איבער זיי, זאָגט גאָט.

נייַערט דאָס וועט זיין דער בונד וואָס איך וועל שליסן מיט דעם הויז פון יִשׂרָאֵל נאָך יענע טעג, זאָגט גאָט: איך וועל אין זיי אַריינגעבן מיין תּוֹרה, און אויף זייער האַרצן וועל איך זי פאַרשרייבן; און איך וועל זיין זייער גאָט, און זיי וועלן זיין מיין פאָלק.

און זיי וועלן מער נישט לערנען איטלעכער זיין חַבר, און איטלעכער זיין ברודער, אַזוי צו זאָגן: קענט גאָט! וואָרום זיי אַלע וועלן מיך קענען, פון דעם קלענסטן ביזן גרעסטן פון זיי, זאָגט גאָט; וואָרום איך וועל פאַרגעבן זייער זינד, און זייער חֵטא וועל איך מער נישט געדענקען. פון ירמיה לא.

5 Beloved, let us love one another, for love is of God; and every one that loveth is begotten of God and knoweth God.

He that loveth not knoweth not God, for God is love.

Herein was the love of God manifested in us, that God hath sent His only begotten Son into the world that we might live through Him.

Herein is love, not that we loved God, but that He loved us, and sent His Son as an atoning sacrifice for our sins.

Beloved, if God so loved us, we also ought to love one another.

No one has ever seen God; if we love one another, God abideth in us, and His love is prefected in us.

Hereby we know that we abide in Him and He in us, because He hath given us of His Spirit.

And we have beheld and bear witness that the Father hath sent the Son to be the Saviour of the world.

Whosoever shall confess that Jesus is the Son of God, God abideth in Him, and He in God.

If any one says, I love God, and hateth his brother, he is a liar; for he that loveth not his brother whom he hath seen, cannot love God whom he hath not seen.

From I John 4.

6 Behold, the days come, saith the Lord, that I will make a new covenant with the house of Israel, and with the house of Judah;

Not according to the covenant that I made with their fathers in the day that I took them by the hand to bring them out of the land of Egypt; forasmuch as they broke My covenant, although I was a lord over them, saith the Lord.

But this is the covenant that I will make with the house of Israel after those days, saith the Lord: I will put My law in their inward parts, and in their heart will I write it; and I will be their God, and they shall be My people.

And they shall teach no more every man his neighbor, and every man his brother, saying: Know the Lord! for they shall all know Me, from the least of them unto the greatest of them, saith the Lord; for I will forgive their iniquity, and their sin will I remember no more.

From Jeremiah 31.

**7** און עס וועט אַרויסגיין אַ ריטל פֿון דעם שטאָם פֿון יִשַי, און אַ צווייג פֿון זיינע וואָרצלען וועט שפּראָצן.

און דער גייַסט פֿון גאָט וועט אויף אים רוען, דער גייַסט פֿון חָכמה און פֿאַר־שטענדיקייט,

דער גייַסט פֿון עֵצה און גבורה, דער גייַסט פֿון דערקענונג און גאָטספּאָרכטיקייט.

און ער וועט נישט מִשפּטן לויט דעם, וואָס זיינע אויגן טוען זען, אויך וועט ער נישט אַנטשיידן לויט דעם, וואָס זיינע אויערן טוען הערן; נאָר מיט גערעכטיקייט וועט ער מִשפּטן די אָרעמע, און מיט יוֹשר וועט ער אַנטשיידן פֿאַר די געדריקטע פֿון לאַנד;

און ער וועט שטראָפֿן דאָס לאַנד מיט דער רוט פֿון זיין מויל, און מיטן אָטעם פֿון זיינע ליפּן וועט ער טייטן דעם רָשע.

און גערעכטיקייט וועט זיין דער גאַרטל פֿון זיינע לענדן, און געטרייַשאַפֿט דער גאַרטל פֿון זיינע דיכן.

און דער וואָלף וועט הויערן מיט אַ שעפּס, און אַ לעמפּערט וועט רוען מיט אַ ציקעלע;

און אַ קאַלב און אַ יונגער לייב און אַ פֿעט רינד וועלן זיך באַנאַנד פּאַשן;

און אַ קליין ייִנגל וועט זיי פֿירן.

זיי וועלן נישט טון קיין בייז און קיין שאָדן אויף דעם גאַנצן הייליקן באַרג מיינעם;

וואָרום די ערד וועט זיין פֿול מיט דער דערקענונג פֿון גאָט, אַזוי ווי די וואַסערן באַדעקן דעם יַם. פֿון ישעיה יא.

**8** איך בין דער אֶמֶתער וויַנשטאָק, און מיין פֿאָטער איז דער וויַנגערטנער.

יעדן צווייג אין מיר, וואָס טראָגט נישט קיין פֵּירות, נעמט ער אַוועק; און יעדן, וואָס טראָגט פֵּירות, רייניקט ער, כּדי ער זאָל טראָגן מער פֵּירות.

אַזוי ווי דער צווייג קאָן נישט טראָגן קיין פֵּירות פֿון זיך אַליין, סיידן ער בלייבט אין דעם וויַנשטאָק, אַזוי קאָנט איר אויך נישט, סיידן איר בלייבט אין מיר.

מיט דעם איז מיין פֿאָטער געאַכפּערט, אַז איר זאָלט טראָגן אַ סך פֵּירות און זיין מיינע תַלמידים.

אויב איר וועט אָפּהיטן מיינע מִצוות, וועט איר בלייבן אין מיין ליבשאַפֿט; פּונקט ווי איך האָב אָפּגעהיט מיין פֿאָטערס מִצוות, און בלייב אין זיין ליבשאַפֿט.

דאָסדאָזיקע איז מיין געבאָט, אַז איר זאָלט ליב האָבן איינער דעם אַנדערן, אַזוי ווי איך האָב אייך ליב געהאַט.

קיין גרעסערע ליבשאַפֿט פֿאַרמאָגט נישט קיינער ווי די, וואָס אַ מענטש איז מַקריב זיין לעבן פֿאַר זיינע פֿריינט. פֿון יוֹחנן טו.

**7** And there shall come forth a shoot out of the stock of Jesse, and a branch shall grow forth out of his roots.

And the Spirit of the Lord shall rest upon him, the spirit of wisdom and understanding.

The spirit of counsel and might, the spirit of knowledge and of the fear of the Lord.

And he shall not judge after the sight of his eyes, neither decide after the hearing of his ears; but with righteousness shall he judge the poor, and decide with equity for the meek of the land;

And he shall smite the land with the rod of his mouth, and with the breath of his lips shall he slay the wicked.

And righteousness shall be the girdle of his waist, and faithfulness the girdle of his loins.

And the wolf shall dwell with the lamb, and the leopard shall lie down with the kid;

And the calf and the young lion and the fatling together;

And a little child shall lead them.

They shall not hurt nor destroy in all My holy mountain; for the earth shall be full of the knowledge of the Lord, as the waters cover the sea.

From Isaiah 11.

**8** I am the true vine, and My Father is the husbandman.

Every branch in Me that beareth not fruit, He taketh away; and every branch that beareth fruit, he cleanseth it, that it may bear more fruit.

As the branch cannot bear fruit of itself, except it abide in the vine, so neither can ye, except ye abide in Me.

Herein is My Father glorified, that ye bear much fruit; and so shall ye be My disciples.

If ye keep My commandments, ye shall abide in My love; even as I have kept My Father's commandments, and abide in His love.

This is My commandment, that ye love one another, even as I have loved you.

Greater love hath no man than this, that a man lay down his life for his friends.

From John 15.

9 וואויל איז צו די וואָס זענען אָרעם אין גײַסט, ווייל צו זיי געהערט דאָס מַלכות־שָמַיִם.
וואויל איז צו די וואָס טרויערן, ווייל זיי וועלן געטרייסט ווערן.
וואויל איז צו די עֲנָווים, ווייל זיי וועלן יַרשענען די ערד.
וואויל איז צו די וואָס הונגערן און דאַרשטן נאָך גערעכטיקייט, ווייל זיי וועלן געזעטיקט ווערן.
וואויל איז צו די בעלי־רַחמָנים, ווייל אויף זיי וועט מע זיך מְרַחם זיין.
וואויל איז צו די לויטערע אין האַרצן, ווייל זיי וועלן זען גאָט.
וואויל איז צו די רודפי־שָלום, ווייל זיי וועלן אָנגערופן ווערן קינדער פון גאָט.
וואויל איז צו די וואָס ווערן גערודֶפט צוליב גערעכטיקייט, ווייל צו זיי געהערט דאָס מַלכות־שָמַיִם.
וואויל איז אייך אויב מע וועט אייך מְבַזה זיין, און אייך רודֶפן, און רעדן אויף אייך פאַלש אַלדאָס־בייז צוליב מיר.
פרייט אייך און זייט מְלֹא־שִמחה; וואָרום גרויס איז אייער שָׂכָר אין הימל; ווייל אַזוי האָבן זיי גערודֶפט די נביאים, וואָס זענען געווען פאַר אייך. פון מתיא ה.

10 זאָרגט נישט פאַר אייער לעבן: וואָס איר זאָלט עסן, אָדער וואָס איר זאָלט טרינקען; אויך נישט פאַר אייער גוף: וואָס איר זאָלט אָנטאָן.
איז נישט דאָס לעבן בילכער פונעם עסן, און דער גוף – פונעם מַלבוש?
קוקט אויף די פייגל פון הימל: נישט זיי זייען, נישט זיי שניידן, אויך זאַמלען זיי נישט איין אין שפייכלערס; און אייער הימלישער פאָטער טוט זיי שפייזן.
זענט איר נישט ווערט פיל מער פון זיי?
און ווער פון אייך קאָן דורך דאַגהן צוגעבן איין איל צו דער מאָס פון זיין לעבן? און וואָס דאַגהט איר וועגן קליידונג?
באַטראַכט די ליליעס פון פעלד, ווי זיי וואַקסן; נישט זיי מִיעָן זיך, נישט זיי שפינען. דאָך זאָג איך אייך, אַז אַפילו שלֹמה אין זיין גאַנצער פּראַכט איז נישט געווען באַקליידט ווי איינע פון זיי.
מַה־דאָך, אויב גאָט טוט אַזוי באַקליידן דאָס גראָז פון פעלד, וואָס היינט איז עס דאָ, און מאָרגן ווערט עס אַרייַנגעוואָרפן אין אויוון, מִכָּל־שֶכֵּן אייך, אָ איר קליינגלויביקע.
דעריבער זאָלט איר נישט זאָרגן און זאָגן: וואָס זאָלן מיר עסן? אָדער: וואָס זאָלן מיר טרינקען? אָדער: וואָס זאָלן מיר אָנטאָן?
אייער הימלישער פאָטער ווייסט, אַז איר דאַרפט דאָס אַלץ האָבן. איר אָבער זוכט קודם זיין מַלכות, און זיין צִדקות; און דאָס אַלץ וועט אייך צוגעגעבן ווערן.
פון מתיא ו.

9 Blessed are the poor in spirit, for theirs is the Kingdom of Heaven.

Blessed are they that mourn, for they shall be comforted.

Blessed are the meek, for they shall inherit the earth.

Blessed are they that hunger and thirst after righteousness, for they shall be filled.

Blessed are the merciful, for they shall obtain mercy.

Blessed are the pure in heart, for they shall see God.

Blessed are the peacemakers, for they shall be called sons of God.

Blessed are they who are persecuted for righteousness' sake, for theirs is the Kingdom of Heaven.

Blessed are ye when men shall reproach you, and persecute you, and say all manner of evil against you falsely, for My sake.

Rejoice, and be exceeding glad; for great is your reward in heaven; for so persecuted they the prophets that were before you.

From Matthew 5.

10 Be not anxious for your life, what ye shall eat, or what ye shall drink; nor yet for your body, what ye shall put on.

Is not life more important than food, and the body than raiment?

Behold the birds of the air, they do not sow or reap, nor gather into barns; and your heavenly Father feedeth them.

Are you not of much more value than they?

And which of you by being anxious can add one cubit to the stature of his life? And why are ye anxious concerning raiment?

Consider the lilies of the field, how they grow; they toil not, neither do they spin. Yet I say unto you, that even Solomon in all his glory was not arrayed like one of these.

But if God doth so clothe the grass of the field, which today is, and tomorrow is cast into the oven, shall He not much more clothe you, O ye of little faith?

Be not therefore anxious, saying, What shall we eat? or, What shall we drink? or, Wherewithal shall we be clothed?

Your heavenly Father knoweth that ye have need of all these things. But seek ye first His kingdom, and His righteousness; and all these things shall be added unto you.

From Matthew 6.

11 ווער האָט געגלויבט וואָס מיר האָבן געהערט? און צו וועמען איז דער אָרים פון גאָט אַנטפּלעקט געוואָרן?

וואָרום ער איז אויפגעגאַנגען ווי אַ יונג צווייגל פאַר אים, און ווי אַ וואָרצל פון טרוקענער ערד; ער האָט נישט געהאַט קיין געשטאַלט און קיין שיינקייט אַז מיר זאָלן קוקן אויף אים, און קיין אויסזען, אַז ער זאָל אונז געפעלן.

ער איז געווען פאַראַכט און פאַרמיטן פון מענטשן, אַ מאַן פון פּײַן און געוואוינט צו קראַנקהייט, און ווי איינער פון וועמען מענטשן קערן אָפּ זייער פּנים; ער איז געווען פאַראַכט און מיר האָבן אים נישט געשוינט.

פאַרוואָר, ער האָט געליטן אונזערע קראַנקהייטן און אונזערע ווייטאָקן האָט ער געטראָגן; מיר אָבער האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ געפּלאָגטן פון גאָט, געשלאָגן און געפּײַניקט.

אָבער ער איז געווען פאַרוואונדעט צוליב אונזער זינד, און צעשטויסן צוליב אונזער אומגערעכטיקייט; די שטראָף פון אונזער שלום איז געווען אויף אים, און דורך זיינע בײַלן זענען מיר געהיילט געוואָרן.

מיר אַלע האָבן ווי שאָף זיך פאַרבלאָנדזשעט, איטלעכער האָט זיך געקערט צו זיין אייגענעם וועג. און גאָט האָט געלאָזט טרעפן אויף אים די זינד פון אונז אַלעמען.

ער איז געוואָרן געפּײַניקט, און בעת ער האָט זיך געבויגן האָט ער זיין מויל נישט געעפנט; ווי אַ לאַם וואָס ווערט געפירט צום שעכטן, און ווי אַ שאָף איז שטום פאַר איר שערער, האָט ער זיין מויל נישט געעפנט.

דורך דריקונג און שטראָף איז ער אַוועקגענומען געוואָרן, און ווער פון זיין דור טוט גאָר קלערן, אַז ער איז אָפּגעשניטן געוואָרן פון לאַנד פון די לעבעדיקע פאַר די זינד פון מיין פאָלק, וואָס האָט די שטראָף פאַרדינט.

און ער האָט געמאַכט זיין קבר מיט די רשעים און רייכע, הגם ער האָט קיין אומרעכט נישט געטון, און קיין פאַלשקייט איז נישט געווען אין זיין מויל.

אָבער גאָט האָט אים געוואָלט צעשטויסן דורך קראַנקשאַפט. ווען ער וועט מאַכן זיין נפש אַ קרבן, וועט ער זען זאָמען און פאַרלענגערן זיינע טעג, און דער רצון פון גאָט וועט אין זיין האַנט באַגליקן.

לײַדן פון זיין נפש וועט ער זען צו זאַט; דורך זיין דערקענונג וועט מיין גערעכטער קנעכט גערעכט מאַכן אַ סך, ווייל זייער זינד וועט ער טראָגן.

דעריבער וועל איך אים געבן אַ חלק צווישן די גרויסע, און מיט די מעכטיקע וועט ער טיילן רויב; דערפאַר וואָס ער האָט אויסגעגאָסן זיין נשמה צום טויט און איז געציילט געוואָרן מיט פאַרברעכער, בעת ער האָט געטראָגן די זינד פון אַ סך, און זיך אָנגענומען פאַר די פאַרברעכער. ישעיה נג.

11 Who hath believed our report? and to whom hath the arm of the Lord been revealed?

For He grew up before Him as a tender plant, and as a root out of a dry ground; He hath no form nor comeliness; and when we see Him, there is no beauty that we should desire Him.

He was despised, and rejected of men, a man of sorrows, and acquainted with grief, and as one from whom men hide their face He was despised, and we esteemed Him not.

Surely He hath borne our griefs, and carried our sorrows; yet we did esteem Him stricken, smitten of God, and afflicted.

But He was wounded for our transgressions, He was bruised for our iniquities; the chastisement of our peace was upon Him, and with His stripes we are healed.

All we like sheep have gone astray, we have turned every one to his own way; and the Lord hath laid on Him the iniquity of us all.

He was oppressed, yet when He was afflicted He opened not His mouth; as a lamb that is led to the slaughter, and as a sheep that before its shearers is dumb, so He opened not His mouth.

By oppression and judgment He was taken away, and as for His generation, who among them considered that He was cut off out of the land of the living for the transgression of my people to whom the stroke was due.

And they made His grave with the wicked, and with the rich His tomb; although He had done no violence, neither was any deceit in His mouth.

Yet it pleased the Lord to bruise Him through grief; when thou shalt make His soul an offering for sin, He shall see His seed, and prolong His days, and the pleasure of the Lord shall prosper in His hand.

He shall see of the travail of His soul, and be satisfied; by the knowledge of Himself shall my Righteous Servant justify many, and He shall bear their iniquities.

Therefore will I divide Him a portion with the great, and He shall divide the spoil with the strong; because He poured out His soul unto death, and was numbered with the transgressors; yet He bore the sin of many, and made intercession for the transgressors. Isaiah 53.

**12** ברידער, אויב אַפילו אַ מענטש וועט געכאַפּט ווערן אין עפּעס אַן עֲבֵירה, זאָלט איר, וואָס זענט גײַסטיקע, אַזאַ אײנעם צוריקשטעלן אין אַ גײַסט פֿון אײדלקײט; און קוק אויף דיר אַלײן, טאָמער וועסטו אויך געבראַכט ווערן צו אַ נסָיון.

טראָגט אײנער דעם אַנדערנס לאַסטן, און אַזוי אַרום זײַט מקַיים די תּורה פֿון מָשיחַן.

וואָרום אויב אײנער רעכנט זיך צו זײַן עפּעס, בעֵת ער איז גאָרנישט ניט, נאַרט ער זיך אַלײן אָפּ.

זאָל אָבער יעדער אײנער אויספּרואוון זײַן אײגענע טואונג, און דערנאָך זאָל ער קריגן זײַן לויב אין שײַכות מיט זיך אַלײן, און נישט פֿאַר דעם אַנדערן.

וואָרום יעדער אײנער וועט טראָגן זײַן אײגענע לאַסט.

זאָל אָבער דער, וואָס ווערט געלערנט אין דעם וואָרט, זיך טײלן פֿון אַלעמגוטן מיט דעם וואָס לערנט אים.

זײַט נישט גענאַרט; גאָט ווערט נישט אויסגעשפּעט. וואָרום וואָס אַ מענטש טוט זײען, דאָס וועט ער אויך שנײַדן.

וואָרום דער, וואָס טוט זײען פֿאַר זײַן אײגן פֿלײש, וועט שנײַדן פֿון דעם פֿלײש פֿאַרדאַרבונג; דער אָבער, וואָס טוט זײען פֿאַר דעם גײַסט, וועט שנײַדן פֿון דעם גײַסט אײביק לעבן.

און לאָמיר נישט ווערן מיד אין טון גוטס; וואָרום אין דער געהעריקער צײַט וועלן מיר שנײַדן, אויב מיר וועלן נישט ווערן שלאַף.

און דעריבער, כָּל־זמַן מיר האָבן אַ געלעגנהײט, לאָמיר טון גוטס צו אַלע מענטשן, און בִּפרַט צו די, וואָס זענען פֿון דעם הויזגעזינד פֿון דער אֱמונה. פֿון גאַלאַטער ו.

**13** ווי שײן זענען אויף די בערג די פֿיס פֿון דעם מבַשׂר, וואָס לאָזט הערן שָלום, וואָס זאָגט אָן גוטס, וואָס לאָזט הערן די ישועה, וואָס זאָגט צו צִיוֹן, דײַן גאָט קעניגט!

האָרך! דײַנע וועכטער הויבן אויף זײער קול, זײ טוען זינגען אינאײנעם, ווײַל אויג אין אויג זעען זײ ווי גאָט קערט זיך אום קײן צִיוֹן.

ברעכט אויס אין פֿרײד, זינגט אינאײנעם, איר חורבות פֿון ירושָלַיִם; וואָרום גאָט האָט געטרײסט זײַן פֿאָלק, ער האָט אויסגעלײזט ירושָלַיִם.

גאָט האָט אַנטפּלעקט זײַן הײליקן אָרים פֿאַר די אויגן פֿון אַלע פֿעלקער, און אַלע עקן פֿון דער ערד וועלן זען די ישועה פֿון אונזער גאָט.

וואָרום אַ קינד איז אונז געבוירן געוואָרן, אַ זון איז אונז געגעבן געוואָרן, און די הערשאַפֿט איז אויף זײַן אַקסל, און מע וועט רופֿן זײַן נאָמען: וואונדערלעכער בַּעל־עֵצה, שטאַרקער גאָט, אײביקער פֿאָטער, שַׂר פֿון שָלום. פֿון ישעיה ט און נב.

**12** Brethren, even if a man be overtaken in any trespass, ye who are spiritual, restore such a one in a spirit of gentleness; looking to thyself, lest thou also be tempted.

Bear ye one another's burdens, and so fulfil the law of the Messiah.

For if a man thinketh himself to be something when he is nothing, he deceiveth himself.

But let each man prove his own worth, and then shall he have his glorying in regard of himself alone, and not of his neighbor.

For each man shall bear his own burden.

But let him that is taught in the word communicate unto him that teacheth in all good things.

Be not deceived; God is not mocked. For whatsoever a man soweth, that shall he also reap.

For he that soweth unto his own flesh shall of the flesh reap corruption; but he that soweth unto the Spirit shall of the Spirit reap eternal life.

And let us not be weary in well-doing; for in due season we shall reap, if we faint not.

So then, as we have opportunity, let us do good unto all men, and especially toward them that are of the household of faith.

From Galatians 6.

**13** How beautiful upon the mountains are the feet of him that bringeth good tidings, that publisheth peace, that bringeth good tidings of good, that publisheth salvation, that saith unto Zion, Thy God reigneth!

Hark, thy watchmen! they lift up the voice, together do they sing; for they shall see eye to eye the Lord returning to Zion.

Break forth into joy, sing together, ye waste places of Jerusalem; for the Lord hath comforteth His people, He hath redeemed Jerusalem.

The Lord hath made bare His holy arm in the eyes of all the nations; and all the ends of the earth shall see the salvation of our God.

For unto us a child is born, unto us a Son is given; and the government shall be upon His shoulder; and His name shall be called Wonderful, Counsellor, Mighty God, Everlasting Father, Prince of Peace.

From Isaiah 9 and 52.

14 איך בין גאָט דײַן האַר, וואָס האָט דיך אַרויסגעצויגן פון לאַנד מִצרַיִם, פון דעם הויז פון קנעכטשאַפט.

זאָלסט נישט האָבן קיין אַנדערע געטער פאַר מײַן פָּנים. זאָלסט דיר נישט מאַכן קיין געשניצט בילד, אָדער אַ שום געשטאַלט פון וואָס אין הימל אויבן, אָדער וואָס אויף דער ערד אונטן, אָדער וואָס אין וואַסער אונטער דער ערד. זאָלסט דיך נישט בוקן צו זיי, און זאָלסט זיי נישט דינען; וואָרום איך דער האַר דײַן גאָט בין אַ צערנדיקער גאָט, וואָס רעכן זיך פאַר די זינד פון די פאָטערס מיט די קינדער, פון דער דריטן ביזן פירטן דור פון די וואָס האָבן מיך פײַנט, און טו חֶסד צו טויזנטער פון די וואָס האָבן מיך ליב, און צו די וואָס היטן מײַנע מִצוות.

זאָלסט נישט אַרויפברענגען דעם נאָמען פון גאָט דײַן האַר צום פאַלשן, וואָרום גאָט שענקט נישט דעם וואָס ברענגט אַרויף זײַן נאָמען צום פאַלשן.

געדענק דעם טאָג פון שַבת, אים צו האַלטן הייליק. זעקס טעג זאָלסטו אַרבעטן, און טון אַלע דײַנע מלאָכות; אָבער דער זיבעטער טאָג איז שַבת צו גאָט דײַן האַר, זאָלסטו נישט טון קיין שום מלאָכה, דו, און דײַן זון, און דײַן טאָכטער, דײַן קנעכט, און דײַן דינסט, און דײַן בהֵמה, און דײַן פרעמדער וואָס איז אין דײַנע טויערן. וואָרום אין זעקס טעג האָט גאָט געמאַכט דעם הימל און די ערד, דעם יַם, און אַלץ וואָס איז אין זיי, און אויפן זיבעטן טאָג האָט ער גערוט; דערפאַר האָט גאָט געבענטשט דעם טאָג פון שַבת, און האָט אים געהייליקט.

האַלט בכָבוד דײַן פאָטער און מוטער, כּדי דײַנע טעג זאָלן זיך לענגערן אויף דער ערד וואָס גאָט דײַן האַר גיט דיר.

זאָלסט נישט הַרגענען.

זאָלסט נישט מזַנה זײַן.

זאָלסט נישט גַנבענען.

זאָלסט נישט זאָגן אויף דײַן חַבר פאַלש עֵדות.

זאָלסט נישט גלוסטן דײַן חַברס הויז; זאָלסט נישט גלוסטן דײַן חַברס ווײַב, אָדער זײַן קנעכט, אָדער זײַן דינסט, אָדער זײַן אָקס, אָדער זײַן אייזל, אָדער וואָס נאָר עס געהערט צו דײַן חַבר. פון שמות כ.

15 איך הייב אויף מײַנע אויגן צו די בערג: פון וואַנען וועט קומען מײַן הילף?
מײַן הילף איז פון גאָט, וואָס האָט באַשאַפן הימל און ערד.
ער וועט נישט דערלאָזן דײַן פוס זאָל זיך אויסגליטשן, נישט דרעמלען וועט דײַן היטער. זע, דער וואָס היט יִשׂרָאֵל וועט נישט דרעמלען און נישט שלאָפן.
גאָט איז דײַן היטער, גאָט איז דײַן שאָטן בײַ דער רעכטער האַנט;
בײַ טאָג וועט די זון דיך נישט שלאָגן, און די לבָנה נישט בײַ נאַכט.
גאָט וועט דיך באַהיטן פון אַלעם בייז, ער וועט באַהיטן דײַן נֶפֶש.
גאָט וועט היטן דײַן גיין און קומען, פון איצט אָן און ביז אייביק. תהלים קכא.

14 I am the Lord thy God, who brought thee out of the land of Egypt, out of the house of bondage.

Thou shalt have no other gods before Me. Thou shalt not make unto thee a graven image, nor any likeness of any thing that is in heaven above, or that is in the earth beneath, or that is in the water under the earth; thou shalt not bow down unto them, nor serve them; for I the Lord thy God am a jealous God, visiting the iniquity of the fathers upon the children unto the third and fourth generation of them that hate Me; and showing mercy unto thousands of them that love Me and keep My commandments.

Thou shalt not take the name of the Lord thy God in vain; for the Lord will not hold him guiltless that taketh His name in vain.

Remember the sabbath day, to keep it holy. Six days shalt thou labor, and do all thy work; but the seventh day is a sabbath unto the Lord thy God, in it thou shalt not do any work, thou, nor thy son, nor thy daughter, nor thy man-servant, nor thy maid-servant, nor thy cattle, nor thy stranger that is within thy gates; for in six days the Lord made heaven and earth, the sea, and all that in them is, and rested the seventh day; wherefore the Lord blessed the sabbath day, and hallowed it.

Honor thy father and thy mother, that thy days may be long in the land which the Lord thy God giveth thee.

Thou shalt not kill.

Thou shalt not commit adultery.

Thou shalt not steal.

Thou shalt not bear false witness against thy neighbor.

Thou shalt not covet thy neighbor's house; thou shalt not covet thy neighbor's wife, nor his man-servant, nor his maid-servant, nor his ox, nor his ass, nor any thing that is thy neighbor's. **From Exodus 20.**

15 I will lift up mine eyes unto the hills: from whence cometh my help?

My help cometh from the Lord, who made heaven and earth.

He will not suffer thy foot to be moved; He that keepeth thee will not slumber. Behold, He that keepeth Israel doth neither slumber nor sleep.

The Lord is thy keeper; the Lord is thy shade upon thy right hand.

The sun shall not smite thee by day, nor the moon by night.

The Lord shall keep thee from all evil; He shall keep thy soul.

The Lord shall guard thy going out and thy coming in, from this time forth and for ever. **Psalm 121.**

16 גאָט איז פאַר אונז אַ באַשיצונג און אַ שטאַרקייט, אַ הילף אין צָרות, וואָס לאָזט זיך לייכט געפינען.

דעריבער וועלן מיר נישט מורא האָבן, ווען די ערד זאָל זיך בייטן, און ווען די בערג זאָלן אַריינפאַלן אין האַרצן פון יַם.

מעגן ברומען, מעגן שטורעמען זיינע וואַסערן, מעגן ציטערן די בערג פאַר זיין גרויסקייט. סֶלָה.

פאַראַן אַ טייך, וואָס זיינע שטראָמען דערפרייען די שטאָט פון גאָט, די הייליקסטע וואוינונג פון דעם אייבערשטן.

גאָט איז אין איר מיט, דעריבער וועט זי נישט פאַלן: גאָט וועט איר העלפן אַקעגן פרימאָרגן.

די אומות האָבן געטומלט, מלוכות זענען געפאַלן, ער האָט אַרויסגעלאָזט זיין קול, און די ערד איז צעגאַנגען.

גאָט פון צבָאוֹת איז מיט אונז, אַ פעסטונג איז פאַר אונז דער גאָט פון יַעקב. סֶלָה.

גייט, זעט די ווערק פון גאָט, וואָס האָט געמאַכט פאַרוויסטונגען אויף דער ערד.

ער מאַכט אויפהערן מִלחָמות ביזן סוף פון דער ערד, דעם בויגן צעברעכט ער, און טוט צעהאַקן די שפיז; די רייטוועגן פאַרברענט ער אין פייער.

לאָזט אָפּ, און זייט וויסן אַז איך בין גאָט, איך וועל זיין דערהויבן צווישן די פעלקער, וועל זיין דערהויבן אויף דער ערד.

גאָט פון צבָאוֹת איז מיט אונז, אַ פעסטונג איז פאַר אונז דער גאָט פון יַעקב. סֶלָה.

תהלים מו.

17 זינגט צו גאָט אַ ניי געזאַנג, זינגט צו גאָט, די גאַנצע ערד.

זינגט צו גאָט, לויבט זיין נאָמען, זאָגט אָן פון טאָג צו טאָג זיין ישועה.

דערציילט זיין כָּבוד צווישן די פעלקער, און צווישן אַלע אומות זיינע וואונדער.

וואָרום גרויס איז גאָט און זייער געלויבט, פאָרכטערלעך איז ער איבער אַלע געטער.

פראַכט און שיינקייט זענען פאַר זיין פָּנים, שטאַרקייט און הערלעכקייט זענען אין זיין הייליקטום.

בוקט אייך צו גאָט אין הייליקער פראַכט, ציטערט פאַר אים, די גאַנצע ערד.

זאָגט צווישן די פעלקער: גאָט טוט קעניגן, אויך די וועלט איז באַפעסטיקט, זי טרייסלט זיך נישט. ער וועט מִשפטן די פעלקער מיט יושר.

זאָלן זיך פרייען די הימלען, און זאָל פריילעך זיין די ערד. זאָל שטורעמען דער יַם מיט זיין פולקייט;

זאָל זיך פרייען דאָס פעלד און אַלץ וואָס איז דערין, און זאָלן זיך פאַנאַנדערזינגען אַלע ביימער פון וואַלד;

פאַר גאָט, וואָרום ער קומט, וואָרום ער קומט מִשפטן די ערד; ער וועט מִשפטן די וועלט מיט גערעכטיקייט, און די פעלקער מיט וואָרהאַפטיקייט.

פון תהלים צו.

**16** God is our refuge and strength, a very present help in trouble.

Therefore will we not fear, though the earth be removed, and though the mountains be carried into the midst of the sea.

Though the waters thereof roar and be troubled, though the mountains shake with the swelling thereof. Selah.

There is a river, the streams whereof make glad the city of God, the holy place of the tabernacles of the Most High.

God is in the midst of her, she shall not be moved; God shall help her and that right early.

The nations raged, the kingdoms were moved; He uttered His voice, the earth melted.

The Lord of hosts is with us; the God of Jacob is our refuge. Selah.

Come, behold the works of the Lord, what desolations He hath made in the earth.

He maketh wars to cease unto the end of the earth; He breaketh the bow, and cutteth the spear in sunder; He burneth the chariots in the fire.

Be still, and know that I am God; I will be exalted among the nations, I will be exalted in the earth.

The Lord of hosts is with us; the God of Jacob is our refuge. Selah.

Psalm 46.

**17** O sing unto the Lord a new song; sing unto the Lord, all the earth.

Sing unto the Lord, bless His name; proclaim His salvation from day to day.

Declare His glory among the nations, His marvelous works among all the peoples.

For great is the Lord, and greatly to be praised; He is to be feared above all gods.

Honor and majesty are before Him; strength and beauty are in His sanctuary.

O worship the Lord in the beauty of holiness; tremble before Him, all the earth.

Say among the nations, the Lord reigneth. The world also is established that it cannot be moved; He will judge the peoples with equity.

Let the heavens be glad, and let the earth rejoice; let the sea roar, and the fulness thereof;

Let the field exult, and all that is therein; then shall all the trees of the wood sing for joy;

Before the Lord, for He cometh, for He cometh to judge the earth; He will judge the world with righteousness, and the peoples with His truth.

From Psalm 96.

18 גלויבט איז גאָט, דער גאָט פון יִשׂרָאֵל; וואָרום ער האָט געדענקט אָן זיין פאָלק און אים געשיקט דערלייזונג;

און אונז אויפגעשטעלט אַ האָרן פון ישועה אין דעם הויז פון זיין קנעכט דָוִד;

ווי ער האָט גערעדט דורך דעם מויל פון זיינע הייליקע נביאים פון אַמאָל;

רעטונג פון אונזערע שׂונאים, און פון דער האַנט פון אונזערע פיינט.

צו טון חֶסֶד מיט אונזערע אָבות, און צו געדענקען זיין הייליקן בונד;

די שבועה, וואָס ער האָט געשוואוירן צו אַבְרָהָם־אָבִינוּ,

אונז מַציל צו זיין פון דער האַנט פון אונזערע פיינט, כּדי צו דינען פאַר אים אָן פַּחד אין קדושה און גערעכטיקייט אַלע אונזערע טעג.

צו געבן פאַרשטענדיקייט פון ישועה פאַר זיין פאָלק דורך דעם פאַרגעבן פון זייערע זינד,

צוליב דער באַרעמהאַרציקייט פון אונזער גאָט, מיט וואָס דער אויפגאַנג פון דער הייך האָט אונז באַזוכט;

צו לייכטן אויף די, וואָס זיצן אין חוֹשֶך און אין שאָטן פון טויט,

צו פירן אונזערע טריט אין דעם וועג פון שָלום. פון לוקאס א.

19 גאָט איז מיין פאַסטוך, מיר וועט גאָרנישט מאַנגלען.

אויף גרינע לאָנקעס מאַכט ער מיך רוען, ביי שטילינקע וואַסערן טוט ער מיך פירן.

ער דערקוויקט מיין נֶפֶש; ער פירט מיך אין די שטעגן פון גערעכטיקייט פון זיין נאָמען וועגן.

אַפילו אַז איך טו גיין דורך דעם טאָל פון טויטנשאָטן, האָב איך נישט מוֹרא פאַר שלעכטס, וואָרום דו ביסט מיט מיר; דיין רוט און דיין אָנלען טוען מיך טרייסטן.

דו גרייטסט פאַר מיר אַ טיש אַנקעגן מיינע פיינט; האָסט געזאַלבט מיין קאָפּ מיט אייל; מיין כּוֹס גייט איבער.

נאָר גוטס און גענאָד וועלן מיר נאָכיאָגן אַלע טעג פון מיין לעבן; און איך וועל זיצן אין גאָטס הויז אויף לאַנגע טעג. תהלים כג.

20 אַצינד טוסטו אָפּלאָזן דיין קנעכט, אָ גאָט, לויט דיין וואָרט בשָלום;
וואָרום מיינע אויגן האָבן געזען דיין ישועה,
וואָס דו האָסט אָנגעברייט פאַר אַלע פעלקער;
אַ ליכט צו באַלייכטן די אומות, און דער כָּבוד פון דיין פאָלק יִשׂרָאֵל.

פון לוקאס ב.

18 Blessed be the Lord, the God of Israel; for He hath visited and wrought redemption for His people.

And hath raised up a horn of salvation for us in the house of His servant David;

As He spake by the mouth of His holy prophets from of old;

Salvation from our enemies, and from the hand of all that hate us.

To show mercy towards our fathers, and to remember His Holy Covenant;

The oath which He sware unto Abraham our father,

To grant unto us that we being delivered out of the hand of our enemies should serve Him without fear, in holiness and righteousness before Him all our days.

To give knowledge of salvation unto His people in the remission of their sins,

Because of the tender mercy of our God, whereby the dayspring from on high hath visited us,

To shine upon them that sit in darkness and the shadow of death;

To guide our feet in the way of peace. From Luke 1.

19 The Lord is my shepherd; I shall not want.

He maketh me to lie down in green pastures; He leadeth me beside the still waters.

He restoreth my soul; He leadeth me in the paths of righteousness for His name's sake.

Yea, though I walk through the valley of the shadow of death, I will fear no evil, for Thou art with me; Thy rod and Thy staff, they comfort me.

Thou preparest a table before me in the presence of mine enemies; Thou anointest my head with oil; my cup runneth over.

Surely goodness and mercy shall follow me all the days of my life; and I shall dwell in the house of the Lord for ever. Psalm 23.

20 Lord, now lettest Thou Thy servant depart in peace, according to Thy word;

For mine eyes have seen Thy salvation,

Which Thou hast prepared before the face of all peoples;

A light to lighten the Gentiles, and the glory of Thy people Israel.

From Luke 2.

# רשימה פון ערשטע שורות

# לידער אײנטײלונג

## TOPICAL INDEX

## GENERAL INDEX AND FIRST LINES

